אברהם קאַרפּינאָוויטש

# אויף ווילנער גאַסן



פאַרלאַג די גאָלדענע קייט

אברהם קאַרפּינאָוויטש / אויף ווילנער גאַסן

# די גאָלדענע קייט

אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון
אליעזר פּינעס־פאָנד און
קרן תל־אביב לספרות ולאמנות

מיין ברודער מ ל ך
און
מיין שוועסטער ר י ט אַ
אַ מתנה

# די גזירה

יענעם אָוונט איז אין דער מאַליאַרסקע קלויז פֿאָרגעקומען אַן אַסיפֿה. גלײַך נאָכן אָפּכאַפּן דעם מעריב האָט מען זיך אָנגעהויבן אַמפּערן וועגן דער גמילות-חסדים-קאַסע. מאַליאַרעס און קאַלכערס האָבן געהאַט אַ שלעכטן סעזאָן. אַלע האָבן געבעטן הלוואָות. מען האָט שוין באַלד געזען דעם דנאָ פֿון דער קאַסע. האָט צאַלע דער קאַלכער געפֿאָדערט מען זאָל זיך אָוועקזעצן און אַרומריידן ווי אַזוי צו העלפֿן די געדריקטע שיכטן פֿון פֿאָלק. צאַלע איז געגאַנגען אויף אַלע בונדישע פֿאַרזאַמלונגען און געבראַכט פֿון דאָרטן זאַגראַ-ניטשנע ווערטער. מען זאָל געווען פֿאַרשרײַבן זײַן רעדע, וואָלט מען זי אַלץ איינס ניט פֿאַרשטאַנען. אָנגעהויבן האָט ער פֿון סאָלידאַ-ריזאַציע מיט דעם קאַמף פֿאַר פֿרײַהייט אין מאַנדזשוריע און אַריבער אויף סינקע, קאַלך, פּענדזלען, ליכטיקע צוקונפֿט און פּראָלעטאַרישע קולטור. צאַלע האָט זיך פֿונאַנדערגעלאָזט און די גבאָים האָבן ניט געזען קיין סוף.

האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין זײַן גאַנצער דאַרער הייך קאַרפּל דער שילדן-מאָלער, אויפֿגעהויבן די קאַסע אויגן צום סופֿיט און אַנוויײַזנדיק מיט ביידע לאַנגע הענט אויף צאַלען, האָט ער אויסגעזאָגט אַ טענה צו גאָט: רבונו-של-עולם, ענטפֿער מיר, צו וואָס האָסטו באַשאַפֿן אַזאַ — — — ?

און דאָ איז געפֿאַלן אַזאַ האַרקע וואָרט, אַז די קלויז האָט אויפֿגעציטערט. דאָס וואָרט, וואָס פֿאַרמאָגט אויף יידיש אַזוי פֿיל איידעלע פֿאַרבײַטונגען, האָט גראַב, ווי אַ טעמפּע האַק, אָנגעשלאָגן אָן די ווענט פֿון קלויז. ס'האָט אויסגעזען, אַז באַלד וועט אָנהייבן פֿאַלן פֿון אַזאַ לעסטערונג די שטוקאַטור. די מאַליאַרעס האָבן די אויערן ניט געגלייבט. אַ רגע איז די קלויז פֿאַרזונקען געוואָרן אין אַ יענוועלטיקער שטילקייט; אָבער באַלד האָט זיך צאַלע אַ לאָז געטאָן

צו קאַרפּלען, כּדי אים צערײַסן ווי אַ הערינג: ניט אַזוי צוליב דעם אייגענעם כּבוד, ווי צוליב דעם כּבוד פון מישכּן, וואָס איז טאַקע אַן איבערבלײַב פון פינצטערן קלער, אָבער אויף דער לעצטער פאַרזאַמלונג אין פּאַרטיי-לאָקאַל אויף גלעזער-גאַס איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו שאַנעווען די אמונה, ווײַל זי איז אויף דער צײַט מיט אַ סאָציאַלער גערעכטיקייט.

אַ מאַן צען מאַליאַרעס האָבן ניט צוגעלאָזן צום געשלעג, אָבער לחלוטין מסכּים געווען מיט צאַלעס זידלערײַען:

— אָפּגעשטאָנענער עלעמענט! באַמוילע! קאַסאַקער יאַץ! שמירעוואַדלע! פאַררעטער פון אַרבעטער-פאָלק!

מ׳האָט פאַרגעסן וועגן דער פוסטער גמילות-חסדים קאַסע, די טעמע איז געוואָרן קאַרפּל.

קאַרפּל אַליין איז געשטאַנען און געפּינטלט מיט די קרומע אויגן געפּרוּווט זיך פאַרענטפערן, אַז ניט דאָס האָט ער געמיינט. פון אַלע זײַטן האָבן בעל-מלאָכות געפאָדערט פאַר אים אַ שטראָף, מען מוז אים קנסענען, ווײַל פון זינט די שול איז אַ שול האָט מען דאָ ניט געהערט אַזאַ ניבול-פּה. צאַלע האָט זיך ניט באַרויִקט. ער האָט זיך ווידער מכין געווען צו אַ רעדע, אָבער דער רעש איז געווען צו גרויס. ער האָט בלויז באַוויזן צו זאָגן, אַז אין פּרינציפּ טאָר מען ניט אַריבער גלאַט איבער יענעם ענין. אָבער קיינער האָט ניט געוואָלט אַריבער. די מאַליאַרעס, פון קלענסטן ביזן גרעסטן, זײַנען געווען אייניק, אַז פון אַזאַ נבלה טאָר קאַרפּל ניט אַרויס טרוקן.

אַזוי האָט מען געשריִען און געליאַרעמט ביזקל שמערעלע שאַראַפּאַן פון „תּפארת-בחורים" איז אַראָפּ זען וואָס דאָ טוט זיך. די חברה „תּפארת-בחורים", ווו אַלע אָוונט האָבן זיך דאָרט אויפגעזאַמלט יונגע-לײַט, האָט זיך געפונען אַ גאַרן העכער פון דער מאַליאַרסקע קלויז און שמערעלע איז דאָרטן געווען די נשמה. ער פלעגט אײַנזאַמלען די געזעלן פון די וואַרשטאַטן אַרום שולהויף און זיי דערקוויקן מיט ייִדישקייט. און שמערעלע האָט קיין ייִדישקייט ניט געזשאַלעוועט. שטייענדיק בײַם לינקן זײַט אָרון-קודש, מיט איין האַנט אָנגעשפּאַרט אין זײַן שטענדער, האָט שמערעלע דערציילט וועגן אדם

און חוהן, וואָס צוליב אַ נאַרישן עפּל זײַנען זיי פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון גן-עדן, ווי צוויי קעץ פֿון אַ קיך מיט אַלע גוטיקייטן; אַזוי פֿלעגט שמערעלע דערגיין צו אַברהם אָבינו, דעם כּשרן ייִד, וואָס האָט זיך געלייגט מיט דער דינסט הגר דערפֿאַר, ווײַל שׂרה, זײַן ווײַב, האָט עס אים באַפֿוילן. דאָס האָט שמערעלע געגעבן אַ משל אויף שלום-בית. פּריַיטיק-צו-נאַכטס, בעת קבלת-שבת, האָט מען אין „תּפארת-בחורים" געמאַכט גאַנצע בעלער. מ'האָט געזונגען אויף קולי-קולות וטהר לבנו און שמערעלע האָט אָנגעפֿירט מיטן כאָר. אַחוץ דעם האָט שמערעלע שאַראַפֿאַן געשריבן לידער און מהנה געווען מיט זיי ניט בלויז די געטרײַע צוהערערס אין „תּפארת-בחורים", נאָר גאַנץ ווילנע. דעם רעפֿריין, למשל, פֿון זײַן חנוכּה-ליד, האָט געזונגען קינד-און-קייט:

> אַ לידעלע פֿון חנוכּה
> חברים, הערט זיך אײַן,
> די נסים פֿון די ליכטעלעך
> אין מוח נעמט אַרײַן.
> אַ לידעלע פֿון חנוכּה,
> אַ מעשׂה פֿון אַ מאָל,
> וואָס קלינגט ווי נײַ פֿון דור צו דור
> און ס'הערט זיך נאָך איר קול.

צו יעדער שׂימחה האָט ער געהאַט אַ ליד. פֿון עצבֿות האָט ער ניט געהאַלטן. די לידער האָט שמערעלע געזאַמלט אין באַזונדערע העפֿטן מיט שוואַרצע הילעס און ס'איז ניט געווען קיין גרעסערער כּבֿוד פֿאַר אַ בחור פֿון „תּפארת-בחורים" ווען שמערעלע שאַראַפֿאַן האָט אַרויסגענומען אַזאַ העפֿט פֿון בוזעם-קעשענע און געלייענט פֿאַר יענעם פֿון זײַנע שאַפֿונגען — ריינע און ציכטיקע ווי ערשט אויסגעפּיקטע הינדעלעך.

איצטער איז שמערעלע שאַראַפֿאַן געשטאַנען אויפֿן שוועל פֿון דער מאַליאַרסקע קלויז, געגלעט דאָס העל-בלאָנדע בערדל און געוואַנדערט מיט די אויגן, בלויע, ווי קינדערשע חלומות, פֿון איין

פּנים צום אַנדערן. צוויי מאָל איבערפרעגן וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך האָט ער ניט באַדאַרפט. צאַלע האָט גלייך געגומען דאָס וואָרט, אָבער מען האָט אים צו אַ רעדע ניט צוגעלאָזן. עטלעכע מאַליאַרעס האָבן קורץ און בינדיק אויסדערציילט פאַר שמערעלען די גאַנצע מעשׂה. צאַלע האָט בלויז באַוויזן צוצוגעבן:

— אדרבא, לאָמיר הערן דעם דין פון רעליגיעזן שטאַנדפּונקט...

שמערעלע האָט טיף אָפּגעזיפצט. די גאַנצע זאַך איז אים געווען שטאַרק פּריקרע. אַ ייִד זאָל דאַרפן אָנקומען צו אַזעלכע רייד, און נאָך אין אַ מקום-קדוש. דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן די אויגן צום סופית, געגנוי ווי דאָס האָט פריִער געטאָן קאַרפל, און אַזוי ווי געוואָרט צו באַקומען פון דאָרטן אַ צייכן וואָס צו זאָגן. פון סופית אין „תּפארת-בחורים" וואָלט שמערעלע אפשר יאָ באַקומען אַ רמז. דאָרטן איז דער גאַנצער באַלקן געווען באַמאָלן מיט שטערן און האָט אויסגעזען ווי אַ שטיק הימל. וויפל מחשבות, וויפל געראָ-טענע שורות צו זיינע לידער האָט שמערעלע שאַראַפּאַן אַראָפּגע-לייענט פון די צעוואָרפענע שטערן אין „תּפארת-בחורים"! אָבער אין דער מאַליאַרסקע קלויז איז דער סופית געווען אַ קאַלטער, אָן איין צייכענונג, און שמערעלע האָט ניט געפונען פון וואַנעט צו שעפּן אַ ריכטיק וואָרט פאַר די מאַליאַרעס. האָט ער אַראָפּגעלאָזן די אויגן, זיך אַרומגעקוקט, פאַראַנקערט זיין בלויען בליק אין אַ שטיק ליידיקער וואַנט און אַ גליקלעכער אויסגערופן:

— ייִדן, מיר איז עפּעס איינגעפאַלן! לאָמיר גוזר זיין, אַז קאַרפל זאָל אויסמאָלן אָט דאָ אַ — און שמערעלע האָט אָנגעוויזן אויף דעם געקאַלכטן שטח — דעם כּותל-מערבי, וועט ער מיט אַ מיצווה אויסקויפן די זינד. אַז ער האָט פאַרמיאוסט די קלויז מיט אַ וואָרט, זאָל ער זי פאַרשענערן מיט אַ ציור...



אַז קאַרפל וועט קאָנען אויסמאָלן דעם כּותל-מערבי אין מאַלי-אַרסקע קלויז, וועגן דעם האָט שמערעלע ניט געהאַט קיין ספק. מען רופט אים דאָך אין ייִדישן טעאַטער איבערצוציען מיט פרישער

פאַרב אַ דעקאָראַציע; ווילנער פאַבריקמאַכערס באַשטעלן בײַ אים שילדן. פון די שילדן זײַנע איבער די פריזיר-אַנשטאַלטן שמייכלט אַ יונגער-מאַן, אָפּגעראַזירט ביזן דנאָ און מיט אַ שרונט אין מיטן קאָפּ, אַזוי גלײַך ווי אַ ווירע. פאַר ליזקע די קאָרסעטניצע האָט קאַרפּל אָנגעמאָלט אויפן שילד אַ פּרויענצימער מיט צוויי בריסט ווי קעסלען און אויף זיי אַרויפגעטאָן אַ ווײַסן ליפטשיק — וועט ניט קענען קאַרפּל אויסמאָלן דעם כּותל-מערבי?! אַפילו די אייגענע מאַליאַרעס, די בעל-מלאָכות, האָבן ניט געספּקט. ווען שמערעלע האָט יענעם אָוונט אַרויסגעגעבן די גזירה ווי צו פאַרגלעטן די בושה, האָבן אַלע מאַליאַרעס און קאַלכערס מיט צאַלען בראָש, געמאַכט אים אַ הוראָ און אַוועק צופרידענע אַהיים.

איין קאַרפּל איז פונעם גאַנצן עסק ניט געווען צופרידן. אַרבעט האָט ער געגנוג. איז נאָכסאָל זאָל ער פראַצעווען בײַ דער וואַנט אין די אָוונטן? אין די אָוונטן האָט ער בילכערס וואָס צו טאָן: פאַרברענגען מיט ליזקע די קאָרסעטניצע. די גאַנצע מעשׂה איז דאָך אַרויס דערפאַר, ווײַל ער האָט זיך געאײַלט יענעם אָוונט צו דער קאָרסעטניצע. ליזקע האָט געהאַט צוגעגרייט פאַר אים אַ קייסערלעכע וועטשערע: ברייטע לאָקשן — דרײַצענער, אויף זיס, באַגאָסן מיט סמעטענע, דערנאָך וואָלט מען פאַרענדיקט מיט אַ פליישיקן קאָמפּאָט. ער האָט שוין אַפילו געהאַט געמאָלדן זײַן ווײַב, אַז נאָך דער אַסיפה מוז ער לויפן אָננעמען אַן עקסטרע אַרבעט. איז צאַלע אַרויס מיט זײַן דרשה, וואָס מען האָט פון איר דעם סוף ניט געזען.

און קאַרפּלען האָט געצויגן צו דער קאָרסעטניצע מיט די חן-גריבעלעך, אַ גוואַלד. דאָס ווײַב זײַנס איז געווען פון פּראָסטן שטאַנד און נאָך דערצו ניט געקענט אָפּקאָכן אַ רעכטן טעלער זופּ. אויב ניט דאָס יִינגל, אַבראַשקע, גראָד אַ געראָטנס, וואָלט שוין געקומען לאַנג צו אַ גט. זיי האָבן זיך געהאַט באַקענט בײַ פּראָסטן אין טאַנצקלאַס. אַלע האָבן אים געוואָרנט: קאַרפּל, ס'איז ניט פאַר דיר, אָבער אַז מען איז יונג ליגט דער שׂכל ניט אין ריכטיקן אָרט, אַזוי האָט זיך קאַרפּל פאַרענטפערט פאַר די חברים.

ליזקע האָט ניט נאָר גוט געקאָכט, נאָר אויך געווען שטאַרק אינטע-ליגענט. זי האָט געלייענט דיקע ביכער, געררייכערט פּאַפּיראָסן און געלעבט מאָדערן, פרײַ. באַקענט האָבן זיי זיך טאַקע אַ דאַנק דעם שילד. קאַרפּל איז געוואָרן בײַ איר אָן אייגענער. דאָס ווײַב זײַנס האָט יאָ געוווּסט און ניט געוווּסט. געוווּסט האָט זי, אַז ער נאַרט זי, אָבער געגנוי ווו און מיט וועמען האָט זי ניט געוווּסט. אַ ווײַב דערווויסט זיך תּמיד די לעצטע.

נאָך אַ זאַך האָט געמוטשעט קאַרפּלען. ער האָט געפּרוּווט אָנמאָלן אויף אַ קאַרטאָן אַ בילד פון כּותל-מערבי, איז אים ניט געראָטן. ער האָט נאָכגעקוקט פון אַ קרן-הקימת-קאַרטל. דאָרט איז עס געווען ווי ניט איז, אָבער בײַ אים, בײַ קאַרפּלען, זײַנען אַרויס די שטיינער אָנגעלייגט איינע אויף די אַנדערע ווי זעק מעל. ס׳האָט ניט געהאַט קיין אויסזען. און ער האָט געמיינט, אַז ס׳וועט געווען זײַן מאַכן אַ גרונט מיט שיטערן אָקער, דורכצײַען אין דער לענג און אין דער ברייט שוואַרצלעכע פּאַסן, צעוואַרפן דאָ, דאָרט, אַ ביסל גרינע פאַרב, עלעהיי בינטלעך גראָז צווישן די שטיינער, און דאָס איז עס. פאַראַן דער כּותל.

עטלעכע אָוונטן איז ער געשטאַנען אין דער ליידיקער קלויז אַנטקעגן איבער דער געקאַלכטער וואַנט, געזשמורעט אויף איר מיט איין אויג, דערנאָך געמאָסטן דעם שטח מיט אַ שטריק אַרויף און אַראָפּ און בײַ דעם איז עס געבליבן. ווײַטער איז ניט געגאַנגען. ס׳זײַנען בײַ אים פאַרשטײַפט געוואָרן די פינגער.

קאַרפּל האָט ניט געוווּסט הלמאַי ס׳האָט זיך בײַ אים פאַרהאַקט. ניט געווען אין ווילנע אַ בראַנזשע, ווו ער האָט ניט געמאַכט קיין שילד. בײַ די קצבים — זײַטלעך פלייש, רויטע ווי בוריקעס; בײַ לייבן דעם הינערניק — אַ צופרידענע גאַנדז מיט אַ בויך ביז דער ערד; געררצלען דעם קאַמאַשן-שטעפער האָט מען געקענט נאָר דורך די פּאָר כאָלעווקעס וואָס קאַרפּל האָט אויסגעמאָלן אויף די לאָדנס: ברוינע, מיט ווײַסע נאָסקעס; נאָר אָנמאָלן דעם כּותל-מערבי וועט אים אָנקומען מיט גרינע ווערעם!

וואָס מער ער האָט זיך געמאַטערט, אַלץ מער האָט זיך בײַ

אים צעבערענט דער האָנער. ווי איז דאָס, אַז ער, קאַרפּל, זאָל ניט קאָנען אָנמאָלן אַ שטיינערנע וואַנט, אַ קאַלטע וואַנט אָן פּליטער־לעך... די מאַליאַרעס וועלן דאָך מאַכן פון אים טורליקעס. קאַרפּל האָט גאָר געהאַט פאַרגעסן, אַז די גאַנצע אַרבעט איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן ווי אַ גזירה, ניט ווי אַ באַשטעלונג.

קאַרפּל האָט כּמעט ניט געאַרבעט. ניט געמאָלן קיין שילדן. דאָס ווײַב זײַנס האָט געבורטשעט: פון זײַן ליובקענען זיך וועלן זיי ביידע בלײַבן אָן אַ העמד. אָבער גיי דערקלער אַזאַ פּראָסטן פליגל וואָס עס מאַטערט אים. אַזוי האָט קאַרפּל געטראַכט, און איר פאַרשוויגן, אויסגעמיטן קריגערײַ. ער האָט געפרעגט דעם זון, אַבראַשקען, ווען האָבן זיי אין שול אַ לעקציע פון צייכענען. דערנאָך האָט אַבראַשקע געזען דעם טאַטן אויף דער גרויסער הפסקה, ווי ער שטייט אין אַ ווינקל מיט דעם לערער יאַנקל שער און ביידע קוקן זיי אַרײַן אין אַ ווײַסן בויגן פּאַפּיר. דער מאָלער יאַנקל שער האָט געצויגן זײַן אויסקומעניש פון געבן לעקציעס אין די ווילנער פאָלקשולן. איצט איז ער געשטאַנען אַנטקעגן איבער קאַרפּלען און מחמת זײַן קליינעם וווקס געמוזט האַלטן דעם קליינעם קאָפּ מיט די צעפּאַטלטע האָר הויך אויפגעהויבן, כּדי צו קאָנען געבן דעם שילדן־מאָלער עטלעכע פּאַכמענישע אָנווײַזונגען. דערבײַ האָט ער גענומען דעם בויגן פּאַפּיר פון קאַרפּלס האַנט, דאָ און דאָרט אָנגעוואָרפן עטלעכע שטריכן מיט אַ בלײַער און אים אָפּגעגעבן צוריק. ביז צום קלונג האָט דער לערער יאַנקל שער אַרײַנגערעדט אין קאַרפּלען, און געשילדערט עפּעס דורך צעשפּרייטן די אָרעמס, הייבן זיי אין דער הייך און צייכענען מיטן בלײַער אין דער לופטן. נאָך דעם האָט דער לערער שער, מיט אַ שמייכל אין די שמאָלע אויגן, לײַטזעליק זיך געזעגנט מיט אים און איז אַוועק צו זײַן לעקציע.

אין אָוונט איז קאַרפּל געזעסן מיט זײַן משפּחה בײַ דער וועט־שערע. ער איז געווען זייער פאַרטראַכט. דאָס ווײַב האָט אַ פּאַרק־רימטע געקוילעט אַ הערינג. אַבראַשקע האָט געדליבעט פון אַן אָקרײַעץ ברויט, געוואָרפן די ברעקלעך אין מויל אַרײַן, און דערבײַ ניט אָפּגעריסן די אויגן פון אַ ביכל.

קאַרפּלס פאַרטראַכטקייט האָט זיַין וויַיב צערייצט. אַזוי ווי זי איז געווען אַ פּראָסטע זאַך, האָט זי ניט אויסגעהאַלטן ביז אַבראַשקע, אַ יינגל פון אַ יאָר פערצן, וועט אַוועקגיין פון טיש, און זי האָט אַרויסגעלייגט לשון:

— זאָג מיר נאָר, ברויטגעבער מיַינער, ווו וועַרסטו דאָס פאַר־פאַלן ביז שפּעט אין דער נאַכט, און וואָס איז אַרויף אויף דיר אַזאַ טראַכטעניש, האָסט גאָרניט מורא ס׳זאָל דיר פּלאַצן עפּעס אין קאָפּ?

אַבראַשקע האָט איבערגעריסן דאָס לייענען און אויסגעשאָסן:

— דער טאַטע טראַכט ווי אַזוי צו מאָלן אין דער מאַליאַרסקע קלויז דעם כּותל־מערבי. אַהין גייט ער אַלע אָוונט. אַזוי האָט דער־ציילט אין קלאַס דער לערער שער. ער האָט אויך געזאָגט, אַז דער טאַטע האָט אַ נשמה פון אַ קינסטלער.

געענדיקט ריידן, האָט אַבראַשקע אַריבערגעוואָרפן איבערן טיש אַ בליק פול מיט ליבשאַפט צום טאַטן.

קאַרפּלס וויַיב האָט זיך פונאַנדערגעביקעט:

— אַ נשמה פון אַ קאָטער האָט דיַין טאַטע, ניט פון אַ קינסט־לער. זיַינע בייַנאַכטיקע מאָלעריַיען זיַינען פון אַ מאַרצאָוון קאָטער.

זי האָט זיך אַ קער געטאָן צו קאַרפּלען:

— איך אָביאָווע דיר, מיַין טיַיערער געמאַל, אַז אויב דו וועסט ניט זיַין קיין מענטש, וועסט זיך אַרומשלייַען איך ווייס ניט ווו און מיט וועמען, וועלן ריידן מיט דיר מיַינע ברידערלעך.

און ברידערלעך האָט קאַרפּלס וויַיב געהאַט גאָר שטאַרקע. איינער איז געווען אַ שינדער אין בוינע און נאָך צוויי האָבן געהאַט אייגענע דראָזשקעס.

קאַרפּל האָט ניט געוואָלט, אַבראַשקע זאָל זיַין אַן עדות פון אַ קריגעריַי. דאָס יינגל איז אים געווען זייער טיַיער. האָט ער זיך אויפגעהויבן און אָן אַ וואָרט אַרויס פון שטוב.



פון דעסטוועגן זיַינען אַבראַשקעס ווערטער אַריַין די קאַרפּעליכע אין קאָפּ. אפשר טאַקע? אפשר איז עס ביַי איר בלויז אַן אויסדאַכ־

טעניש? אמת, גוטע עטלעכע חדשים, אַז ער האָט זי ניט פאַרטשעפּעט אין בעט. און קאַרפּל איז ניט קיין קאַלטער מאַנסביל. ער האָט שוין טאַקע אויסגעביטן זײַן פּערציקער, די יונגע היץ איז מער ניטאָ, אָבער פון דעסטוועגן... ; און דאָ זאָגט גאָר אַבראַשקע אַז ער מאָלט אַ וואַנט אין דער מאַליאַרסקע קלויז.

זי האָט זיך ניט געפּוילט, די קאַרפּעליכע, אָנגעטאָן די טופּל אויף די הויכע קנאַפּל, פאַרפּודערט די נאָז, אויפן קאָפּ דאָס היטעלע מיט די שמאָלע ראַנדן, וואָס האָט איר גראָד גוט געקליידט, צו דעם אַ שפּאָגל נײַ גרין זשאַקעטל, און אַוועק אין אָוונט אויפן שולהויף צו זען צי אַבראַשקע דערציילט דעם אמת. אויסגעפּוצט האָט זי זיך אומישנע, טאָמער טרעפט זי אויפן וועג איר מאַן מיט אַן אַנדערער, זאָל יענע זען: זי איז אויך ניט פון הינטערן אויוון.

און אין אָוונט איז אויפן שולהויף אַזוי:

לעבן כיור פון דער גרויסער שול שטייט גדאַלקע דער משוגענער און וואַרקעט, פּרוּווט די שטים, אפשר וועט זי נאָך טויגן פאַר די נאָענטע ימים-נוראים. שוין יאָרן ווי ער פּרוּווט אַזוי די שטים. אים שלאָפט זיך ניט, באָטש זײַן געלעגער אין קעמערל איז ווייך אויסגעבעט מיט שמות, וואָס ווערן אויפגעזאַמלט אויפן שולהויף. בײַ די קראַטן פון אײַזערנעם טויער דרייען זיך אַהין און צוריק, ווי חיות אין אַ שטײַג, צוויי נײַע משוגעים, ערשט געקומענע פון ווײַטע מקומות. די לצים פון זאַמעלעס טשײַנע האָבן נאָך ניט באַוויזן אָנצוקלעפּן אויף זיי צונעמען. יודקע די מאַד לויפט פון איין ווינקל צום אַנדערן, זוכט איבערצושרעקן אַ פאַרקויפערין פון באָבעס, אָדער סתּם אַ ווײַבל, וואָס וועט אַדורך דעם שולהויף. אויף די טרעפּלעך פון דער מאַליאַרסקע קלויז זיצט עמעץ אײַנגעדרייט אין אַ לאַנגן גענעראַלסקן שינעל מיט עטלעכע גלאַנציקע קנעפּ און האַלט דעם קאָפּ באַהאַלטן צווישן די ברייטע קליאַפּעס. אויפן גאַנצן הויף ברענט איין לאָמפּ, הויך אויפגעהאַנגען, כמעט גלײַך מיט די דעכער. דאָס ליכט סטײַעט קוים אַז מען זאָל ניט אויסדרייען אַ פוס בײַם דערנענטערן זיך צו דער גרויסער שול, אין מיטן שולהויף.

די קאַרפּעליכע היפּערט אויף די הויכע קנאַפּל איבער די ברוק-

שטיינער און האַלט קוים גלײַכוואָג. איר איטלעכער געוואַקלטער טראָט רופט זיך אָפּ אין דער אַרומיקער שטילקייט. פון אַלע פינצטערע שולפענצטער גלאָצט ווער אַרויס — אַזוי דאַכט זיך איר — און אַ סקרוכע נאָדלט איר איבערן לײַב. איין פענצטער איז בלויז ליכטיק. דאָס פענצטער פון דער מאַליאַרסקע קלויז.

און דאָ האָט זיך יודקע די מאַד פלוצעם געטאָן אַ יאָג צו איר מיט אַ תאווהדיקער הירזשערײַ. זי איז קוים פון אים אַנטלאָפן און אַנטלויפנדיק — אַרויפגעפאַלן אויף דעם פאַרזונקענעם אין גענעראַלסקן שינעל. יענער איז אויפגעשפרונגען ווי אַ צעפלאָשעטע סאָווע. זי האָט זיך באַהאַלטן אין פירהויז פון דער מאַליאַרסקע קלויז.

אָפּגעכאַפּט דעם צעשראָקענעם אָטעם, האָט זי פּאַוואָלינקע זיך אויפגעהויבן איבער די טרעפּ צו דער קלויז. די טיר איז געווען האַלב אָפן. לאַנג האָט זי ניט באַדאַרפט אַרײַנקוקן. זי האָט גלײַך דערזען דעם מאַן אירן אין זײַן גאַנצער הייך ווי ער שטייט איינער אַליין און פּאָרעט זיך בײַ אַ וואַנט, ניט ווײַט פון אָרון-קודש.

קאַרפּל האָט זי ניט באַמערקט, ווײַל ער איז געווען אויסגעדרייט צו איר מיטן רוקן. יעדער ווײַלע האָט ער גענומען פון דערבײַיקן שטענדער אַ ווײַסן בויגן פּאַפּיר און אין אים אַרײַנגעקוקט. דערנאָך האָט ער געמאָסטן, געלייגט אויף דער וואַנט, מיט אַ לאַנגן דינעם פּענדזל, פּאַרביקע צייכנס. זי האָט אָבער באַמערקט, אַז ער טראַכט מער ווי ער אַרבעט.

אַזוי שטיל ווי זי איז אַרויפגעגאַנגען, אַזוי שטיל איז זי אַראָפּ די טרעפּ. נאָכן איבערקומען דעם וועג אויף צוריק, שוין גייענדיק אַהיים דורך דײַטשע-גאַס, דורך דער ליכטיקער, פריילעכער גאַס, ווו יונגע קולות האָבן זיך איבערגערופן, געמאַכט פּלענער ווו צו פאַרברענגען דעם שפּעטן פרילינג-אָוונט, איז איר געוואָרן זייער טרויעריק. אַ היימיש-וואַרעמע ליבע האָט אַ פלייץ געטאָן צו איר מאַן פון איר פאַרשטשעמעט האַרץ. אַ ליבע, וואָס האָט זיך געצויגן פון דעם ערשטן אויסגעטאַנצטן טאַנגאָ מיט אים בײַ פּראָסטן אין

זאָל, און איז פאַרשאָטן געוואָרן אונטער דעם באַרג מיט קריגערײַען און זלידנע רייד. איצט האָט די חרטה זי געפּרעסן.

— און איך האָב אים געמאַכט דעם טויט, אַז ער האָט אַ ליובאָווניצע...



קאַרפּל האָט אָנגעהויבן מאָלן דעם כּותל-מערבי גלײַך נאָך פּסח און האָרט פאַר ראָש-השנה איז ער נאָך ניט געווען פאַרטיק. ס'איז ניט געגאַנגען ווי ער האָט געוואָלט. די מאַליאַרעס וואָס זײַנען געקומען צום מנין, האָבן זיך געשושקעט, אַז די גאַנצע זאַך איז ניט פאַר אים, פאַר קאַרפּלען. ס'איז ניט פאַר קיין שילדן-מאָלער. דאָ דאַרף מען האָבן אַן אמתן מאָלער פון בילדער. אַנדערע האָבן געזאָגט צו די גבאָים, אַז אויב קאַרפּל ענדיקט ניט, זאָל מען פאַרשמירן צוריק די וואַנט און פאַרגעסן די גאַנצע פּרשה. ס'איז דאָך ניט קיין שׂכל אַז אַ האַלב יאָר זאָלן זיך וואַלגערן אויף דער פאָדלאָגע פּענדזלען און פּושקעס פאַרב. אָט איז שוין באַלד ראָש-השנה, מען וויל נעמען אַ גוטן חזן, ס'וועט קומען אַן עולם, ניט בלויז מאַליאַרעס, און די קלויז זעט אויס ווי ערב אַ רעמאָנט.

און קאַרפּל איז אײַנגעשפּאַרט. פון קלעמעניש איז ער אַראָפּ פון וואָג, איז געוואָרן דאַר, אויסגעצויגן. זיך אָנגעהאָרעוועט אַ טאָג בײַם אויפהענגען עטלעכע גרויסע שילדן, איז ער, אַנשטאָט צו גיין אַהיים אָפּעסן, אַוועק אין קלויז אַרײַן, צו מאָלן דעם כּותל-מערבי. דווקא איצטער, אַז דאָס ווײַב האָט זיך אָנגעהויבן סטאַרען, אים קאָכן פון דאָס בעסטע, איז אַלצדינג איבערגעבליבן אויפן טיש, קאַלט, ניט אָנגערירט. אויפן וועג צו דער קלויז האָט קאַרפּל געקויפט אין סעמער אויפן ראָג ייִדישע-גאַס אַ טרוקענע בולקע און דאָס איז געווען זײַן אָוונטברויט.

אין איינעם אַזאַ קאַרפּעלישן אַרבעט-אָוונט, פול מיט ספקות און וואַקלענישן בײַ איטלעכן צי מיטן פּענדזל, איז אַרײַנגעקומען אין קלויז שמערעלע שאַראַפּאַן. ער איז געשטאַנען הינטער קאַרפּלען

און באַטראַכט מיט זײַנע ליכטיקע גוטווייליקע אויגן, וואָס קיין מאָל זײַנען זיי ניט געווען פּאַרוואָלקנט, ווי דער שילדן־מאָלער סטאַרעט זיך מיט שטילער פאַרביסנקייט אויסצומאָלן וואָס ריכטיקער דעם כּותל־מערבֿי. אָט האָט ער אָפּגעגרענעצט מיט אַ צו גלײַכער ליניע אַ שטיין פון אַ שטיין און שוין פאַרמאָלט ער דאָס גאַנצע צוריק. אָט איז ער שוין דערגאַנגען צו דער סאַמע אייבערשטער שורה שטיינער, ער דאַרף זי בלויז אויסטיילן פון הינטערגרונט. קאַרפּל נעמט אַ פּענדזל, וויל שוין מאָלן, און לייגט אים אָפּ צוריק. דערנאָך נעמט ער אַן אַנדער פּענדזל, אַ דינערן, און ווידער דאָס זעלביקע. ער מאָלט ניט, נאָר האַלט אים צווישן די פינגער ווי אַ דיריגענטן־שטעקעלע און האָט מורא אָנצורירן דאָס געמעל. שמערעלע זעט, אַז פון דעם וואָס קאַרפּל האָט שוין אָנגעמאָלן קאָן זיך באַקומען אַ גאָר ניט קיין שלעכטער כּותל־מערבֿי. ער דאַרף בלויז צוגעבן דאָ אַ שאָטן, דאָרט אַ ביסעלע העלקייט, וועלן די שטיינער אָנהייבן לעבן, ניט ליגן סתּם אַזוי, מען קאָן זאָגן — מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. שמערעלע וויל דערקלערן קאַרפּלען, אַז די שטיינער פון כּותל־מערבֿי זײַנען געזאַלבטע שטיינער, ניט צו פאַרגלײַכן מיט קיין שום אַנדערע.

נאָר שמערעלע איז געשטאַנען אָפּגערוקט אַהינטער קאַרפּלען און האָט געשוויגן. ביז קאַרפּל האָט אים דערזען און געטאָן אַ פרעג אַ פאַרשעמטער:

— וואָס זאָגט שמערעלע, ס'וועט אַרויסקומען?

שמערעלע האָט אויפגעקלערט:

— וואָס הייסט אַרויסקומען? דער כּותל איז שוין פאַראַן! מערניט איין זאַך. דאָ פאָדערט זיך... נאָר דו, קאַרפּל, אַרבעט, רײַס ניט איבער, מאָל מיט אַ ראַזמאַך, מיט אמונה. דער בית־המיקדש איז טאַקע ניטאָ, ביז משיח וועט קומען, אָבער אין האַרץ בײַ איטלעכן ייִד איז פאַראַן דער גאַנצער בית־המיקדש, ביזן לעצטן שטיינדעלע. איז מאָל מיט האַרץ. מער ווי מיטן מוח. קוק ניט אַזוי פיל אין דעם פּאַפּיר...

און דאָ האָט זיך אין שמערעלען צעוואַרעמט דער פּאָעט:

— קוק אַרײַן צו זיך אין האַרץ און וועסט זען ווי אויף די כוואַליעס פון אונדזער בענקשאַפט שווימט דער בית-המיקדש צו פולער גאולה... וועסט אים זען מיט זײַנע פורפלנע פּאַרהאַנגען, די זילבערנע כּלים, די בראָנדזענע זײַלן, די כּרובים, דער קופּערנער מזבח, און דער עיקר — די מנורה, געגאָסן פון ריינעם גאָלד, וואָס איז צוזאַמען מיט אונדז אַוועק אין גלות.

ניט ווילנדיק הייבט אָן שמערעלע צו געבן קאַרפּלען עצות:

— דעם ראַנד פון כּותל דאַרפסטו מאַכן זייער גלײַך, ווײַל אויף אים האָבן נאָכן חורבן אַרויפגעקלעטערט די יונגע כּהנים אָפּצוגעבן די שליסלען פון בית-המיקדש די מלאָכים, וועלכע זענען צו זיי אַראָפּ פון הימל. און אונטן די שטיינער מאַך גלאַנציקע, ווײַל זיי זײַנען אויסגעוואַשן דורך דורות טרערן. רוק זיי אויך פונאַנדער, זאָלן בלײַבן שפּאַרונעס פאַר תּפילות, פאַר בקשות פון צעבראָכענע געמי-טער. צי אַריבער דעם גאַנצן כּותל מיט אונדזער טרויער...

און אַזוי ווי שמערעלע האָט געהאַלטן התלהבותדיק אין דרשע-נען, איז אַרויסגעשווומען דאָס בילד פון אונטער קאַרפּלס פּענדזל, ווי די קאַלטע וואַנט פון דער מאַליאַרסקע קלויז וואָלט זיך צעשפּאָלטן אין פּירקאַנטיקע שטיינער און אָנגענומען די מראה פונעם כּותל-מערבֿי.

אַ גוטע שעה זײַנען זיי ביידע שפּעטער געשטאַנען און געקוקט אויף דעם געמעל. קאַרפּל האָט געוואָלט צוװאַרפן מיט אַ ביסל גרינע פאַרב נאָך עטלעכע בינטלעך גראָז צווישן די שטיינער, אָבער שמערעלע האָט אים ניט געלאָזן. ס'איז גענענדיקט.

שמערעלע איז אַוועק אַהיים שטאַרק דערהויבן, גליקלעך מיט דער הצלחה. קאַרפּל האָט צונויפגענומען די פּענדזלען, צוזאַמענגעש-טעלט אין איין ווינקל די פּושקעס פאַרב, פאַרוויקלט די בוסאָלע, די שטריק מיטן בלײַ, וואָס מיט דעם שלאָגט מען אָפּ גלײַכע ליניעס, און זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען. ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן

אַ שטענדער און אַזוי ווי געדרעמלט. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן, אויסגעלאָשן דאָס ליכט, פאַרשלאָסן די טיר און אויך אַוועק אַהיים, צום ווייַב, צום יינגל זייַנעם.

קאַרפּלס כּותל־מערבי איז ניט פאַרמעקט געוואָרן. ביז הייַנט קאָן מען זען די אָנגעמאָלטע שטיינער אויף דעם חרובן איבערבלייַב פון דער מאַליאַרסקע קלויז.

# בניאָמקע דער פילאָזאָף

אַז צירע-לאה די אַלמנה האָט געפונען אַ שידוך פאַר איר בת-יחידה פעסעלע, האָט זי געהייסן דער נײַ-אויסגעבאַקענער כּלה אַרײַנגיין צו בניאָמקען, דעם שכן זייערן, אָנזאָגן די גוטע בשׂורה און אים פאַרבעטן אויף דער חתונה. בניאָמקע האָט פעסעלען כּמעט אויסגעהאָדעוועט. ער האָט אויך געהאָט צו איר אַ שוואַכקייט; אָבער צירע-לאה האָט געטראַכט פאַר דער טאַכטער עפּעס אַנדערש ווי אַ שנײַדער אויף קליין-שניפּעשיק. צווייטנס, האָט די גאַנצע גאַס געוווּסט, אַז בניאָמקע האַלט אין איין טראַכטן, און פון טראַכטן קומט קיין גוטס נישט אַרויס.

ס'איז טאַקע אמת געווען. בניאָמקע האָט געהאַלטן אין איין טראַכטן, ווייל אויסער פעסעלען האָט ער געהאַט נאָך אַ שוואַכקייט: פילאָזאָפיע. אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט געוווען צופרידן מיט דעם וואָס ער האָט, אָבער ניט בניאָמקע. אַט ברענגט אים גאַנץ שניפּעשיק אַרבעט. דער אַ מאַרינאַרקע איבערצוניצעווען, יענער אַריינזעצן אַ פאָר נײַע קני אין די הויזן. בניאָמקע שטשאָבעט און רײַסט פון זיך שטיקער. וואָס איז די אַקציי? ער וועט שוין אויסלאַטענען גאַנץ שניפּעשיק, און וואָס ווײַטער? עס מוז דאָך זײַן אַ שטיקל פילאָזאָפיע דערבײַ! מען קאָן דען אָפּקומען פאַר דער וועלט מיט בלויז פאַרצירעווען לעבער? סתּם בידעווען און שוין?

פעסעלע האָט געפאָלגט דער מאַמען און איז אַרײַן אַ צעפרייעטע מיטטיילן בניאָמקען די פריילעכע נײַס. בניאָמקע האָט געהאַלטן אין פונאַנדערוויגן דעם פרעסאײַזן, באַפרײַען די קוילן פון אונטער דעם הייסן אַש. פעסעלע האָט זיך געאיקעט, דערציילט אין געשפּרונגענע רייד די נסים פון חתן און בניאָמקע האָט געוויגט דאָס פרעסאײַזן ווי אַ פאַרעקשנט קינד, וואָס וויל ניט ווערן אַנטשלאָפן. אַז פעסעלע אין פאַרגאַנגען אין אַ שווײַגעניש, ניט געוווּסט ווי זיך אויסצופלאָנ-

טערן פון דער גדולה, האָט בניאָמקע אָפּגעשטעלט דעם פּרעסאײַזן אויפן ציגל און איר געזאָגט אָט וואָס:

— מילא, פעסינקע, גייסט חתונה האָבן, זאָל דיר זײַן מיט מזל. איך האָב אַנדערש געמיינט. נאָר אַז ס'איז שוין אַזוי, וויל איך דיר אָנזאָגן זייער אַ וויכטיקע זאַך, זאָלסט עס תמיד געדענקען: גאָט וועט געבן, וועסט ליגן מיט דײַן מאַן אין בעט, זאָלסט אויך האָבן אין זין די העכערע מדרגות פון פילאָזאָפיע, אַז ניט אַלץ איז יענע מעשה. דײַן מאַן וועט זען ווי פאַרטראַכט דו ביסט. קריכסט נישט אויף די ווענט, וועט ער פאַרשטיין, אַז ער שלאָפט ניט מיט אַבי וועמען און ער וועט ניט וויסן וואָס צו טאָן מיט דיר.

פעסעלע, אַז זי האָט דאָס דערהערט, איז זי געוואָרן רויטער ווי רויט און אַרויסגעלאָפן פון בניאָמקען מיט אַ האַק אין טיר. פון גריזאָטע האָט זי באַקומען אַן אויסשיט אויפן גאַנצן לײַב און געלעגן אַ גאַנצע וואָך מיט קאָמפּרעסן פון הערינג-לאַק. דערנאָך האָט אַנטאָנאָווע די זנאַכערקע געהייסן איר שמירן מיט קעצישע צואה. פעסעלע איז אַראָפּ פון בעט, האָט געוווּיט פון איר מיט כל מיני ריחות. מען האָט געמוזט אָפּלייגן די חתונה. צירע-לאה האָט געוווּנטשן בניאָמקען ס'זאָלן אים ציען די פיס אַן אַ רעגן און ער זאָל גיין אויף גומענע קוליעס, ווייל וואָס איז געבן אַ כלה-מיידל עצות ווי צו ליגן? דאָס איז דאָך אַ ריינע נקמה. וואָס האָט ער געמיינט, דער פאַרטראַכטער יאָץ, אַז פעסעלע וועט זיין זיינע?

בניאָמקע האָט טאַקע געמיינט, אַז פעסעלע וועט זײַן זײַנע. ער האָט שטאַרק געליטן. די זאַך האָט אים גוט געגריזשעט. מען זאָל ריידן אָפן, זענען אויף שניפּעשיק אומגעגאַנגען גרעסערע צעליי-גערקעס, אָבער דאָס איז געווען אַ צוגעווויינטע זאַך. זינט פעסעלע איז געבליבן אַ יתומה, האָט זי זיך געטוליעט צו אים, צו בניאָמקען. מען האָט געגעסן באָבעס פון איין שקאַרמיץ. דערנאָך איז מען אין די פרײַטיק-צונאַכטסן געגאַנגען שפּאַצירן ביז צום מײַשעגאָלער שאָסיי, געבאַפּט זיך קושן. בניאָמקע האָט געהאַט אַפילו אָנגעשריבן וועגן איר אַ שטאַרקע ליד, מיט פאַרע, געשיקט עס אין „ווילנער טאָג". געדרוקט האָט מען עס ניט, אָבער דער רעדאַקטאָר זלמן

רייזן האָט בײַגעלייגט צום צוריקגעשיקטן געדיכט אַ פּאָר דערמונ-טערנדיקע ווערטער, אַז די פערזן דאַרפן זיך אָפּזײַען. האָט גענומען פעסעלע און דאָס אַלץ צעקאַרעדאַשעט, זיך פאַרבונדן מיט דעם בורילע פון ניט-הי. שוין. איז בניאָמקע געווען זייער פאַרכמאַרעט און געזוכט אַ נחמה אין באַאַבאַכטן די נאַרישקייט פון דער וועלט. און די גאַנצע נאַרישקייט פון דער וועלט, ווי מען קאָן איר פירן אויף אַ שטריקל, האָט ער געזען אין אַנטאָנאָוועס שגע, דעם העל-פאַנד, וואָס גאַוועריט און הירזשעט אָן אַ קול. אַנטאָנאָווע פלעגט ציען איר פרנסה פון פאָרן אויף די מערק פאַרקויפן וווּנדער-זאַלבן די פויערישע ווײַבער. האָט זי זיך נוהג געווען אין די מאַרק-טעג אַרויספירן איר בן-יחיד צו בניאָמקען, יענער זאָל דאָרט היניען ביז פאַרנאַכט, ווען זי וועט קומען צוריק. דערפאַר האָט זי תמיד באַזאָרגט די בחורישע ווירטשאַפט מיט אַ האַרטן קעזל און אַ פּאָר צענדליק אייער. בניאָמקע האָט אַמאָל געעצהט אַנטאָנאָווען אַוועק-פירן דעם זון צום דאָקטאָר פון די ניט-דערבאַקענע, אויף אַנטאָקאָל, האָט זי ניט געהאַלטן דערפון. אַנטאָנאָווע האָט געגלייבט בלויז אין שמירעכצן. נאָך דעם ווי זי האָט שוין אַלץ געהאַט געפּרוּווט אויף איר קדיש און ס'האָט ניט געהאָלפן, האָט זי אויפגעגעבן.

איז ער געזעסן אַזוי, דער טאַנעבאַרע מיט אַ געשוואָלענעם קאָפּ, בײַם טיש, און בניאָמקע האָט געפּרוּווט ענדערן זײַן פּרצוף. אפשר וועט יענער אַרויס פון די כּלים און אויפהערן שטשירען מיט די געלע ציינער. אַ קאָפּ האָט דער שגע געהאַט ווי אַ גלאָבוס, כאָטש נעם און צייכן אָן די גאַנצע וועלט. האָט ער, בניאָמקע, אויסגענוצט צו טאָן אַלץ קאַפּויער. אַ נקמה פון זײַן דורכפאַל מיט פעסעלען. ערשטנס האָט ער מיט אַ שטיקל קויל אָנגעמאָלט דעם גאַסט צוויי וואָנסן, איינס אַ פּוילישן מיטן שפּיץ אַרויף און דעם אַנדערן אַ טערקישן, מיטן שפּיץ אַראָפּ. נאָכדעם האָט ער אויסגעקנייטשט פון אַן אַלטן „אָוונט-קוריער" אַ הוט מיט דרײַ עקן און דאָס אים אַרויפגעכלאָ-בושעט אויפן שפּיץ קאָפּ. דערצו האָט ער דעם חכם געהייסן נעמען דעם בעזעם אויפן אַקסל, מעשׂה ביקס. אַזוי האָט אים בניאָמקע באַפוילן צו מאַרשירן אַהער — אַהין, אַהין — אַהער. אַז יענער איז

זיך גוט אָנגעגאַנגען, באַפרידיקט בניאַמקעס פילאָזאָפישן חוזק פון דער ערדישער מאַכט, האָט ער אים מיט אַ ברעג פאַרע-טוך אָפּגע-ווישט די וואָנסן, אָנגעגאָסן אַ שיסל האָבערנע גרויפּן מיט אַ ביין, און דער מיליטערמאַן מיטן בעזעם-שטעקן צווישן די קניִען איז געזעסן אין אַ קאַליישע, ביז אַנטאָנאָווע איז געקומען אים צונעמען אַהיים.



בניאַמקע האָט פאַרוואָרפן די אַרבעט. פון אינדערפרי האָט ער געהאַלטן איין ברעכן דעם מוח וועגן זאַכן, וואָס האָבן ניט קיין שום האַפט. ממש וועגן אַ נאָדל אָן אַ שפּיץ. אויף שניפּעשיק האָט מען זיך געשושקעט, אַז ער איז אַרײַן אין זיך צוליב פּעסעלען. בניאַמקע האָט איר געהאַט צוגעטוליעט, טאַקע ווי אַ טאַטע, כאָטש ער איז געווען עלטער פון איר אויף קוים דרײַ יאָר. נאָר בניאַמקע איז שוין צו בר-מצוה געווען אַ פאָלנער מאַנסביל. פאַרשעליוק, זיין ערשטער באַלעבאָס, פלעגט אים אָנטרויען אָפּטראָגן אַרבעט אין די שענסטע ווילנער הײַזער. דערנאָך איז בניאַמקע געוואָרן ביי אים די רעכטע האַנט, געגעבן עצות בײַם מעסטן. זענען אַלע אַרום געווען זיכער, אַז אָט גייט איבער שניפּעשיק אַ לעבעדיקער שידוך, אַ טעלער מיט אַ לעפל. האָט זיך עס אַלץ צעטרענט. ס'האָט זיך אונטערגערוקט אַ מײַשעגאָלער אינטעליגענט, דער פאַרזיצער פון דאָרטיקן דראַמקרײַז און פאַרמאַניעט פּעסעלען מיט געהובלטע רייד — טעאַטער, בינע, דראַמע, אויפגאַנג, אָפּגאַנג. הכלל, ס'האָט איר געגומען. בעסער ווי די פילאָזאָפיע. ווי נאָך, אַז דער חתן האָט געטראָגן ברילן, איז צירע-לאה געשטאַנען פאַר אים אויף אַלע פיר. ער זעט אויס ווי אַ האַלבער דאָקטאָר, האָט זי זיך באַרימט. פּעסעלע אַליין האָט זיך געמיניעט פון גליק, געביטן די פאַרבן ווי אַ פּאַווע בײַם לייגן אַן איי.

בניאַמקע האָט טאַקע געוואָלט פּעסעלען, אָבער וויכטיקער זענען אים געווען די הויכע געדאַנקען. פון זיי האָט ער זיך ניט געהאַט אָפּגעזאָגט אַפילו בײַם אַראָפּרוקן די הענט אַ ביסל נידעריקער פון פּעסעלעס פּעטער טאַליע. זינט ער איז געקומען צום שׂכל בײַ דער

ניי-מאַשין, האָט ער נאָר געוואָלט וויסן אַלע רעדלעך וואָס דרייען די וועלט. קיצור — ער האָט זיך געריסן צו פילאָזאָפיע. איצט, אַז די מעשה מיט פעסעלען איז אַראָפּ פון טיש, האָט ער געקאָנט זיך כּולו אָפּגעבן זײַנע בלאָנדזשענישן אין די זאַקאַמאַרקעס פון קיום, פאַרוואָס און פאַרווען און ווי אַזוי. בניאָמקע האָט פאַרטראַכט זיך אויפצוציִען אַ פאָלערינע, פאַרלאָזן לענגער די האָר און איבערגיין אין גאַנצן צו פילאָזאָפיע. זאָל פעסעלע זען ווען זי האָט אַוועקגע-וואָרפן; אָבער ער האָט געהאַט אָנגענומען אַרבעט אויף פּסח, אויסער גלאַט פאַטשינקעס. האָט ער באַשלאָסן באַלד נאָך יאָנטעוו פאַרמאַכן דעם וואַרשטאַט און גיין זיך אָנדינגען אויף אַ טערמין ביי אַ גוטן דענקער.



דעם ערשטן וויזיט אויפן וועג צו געפינען אַ מײַסטער פאַר פילאָזאָפיע האָט בניאָמקע אָפּגעשטאַט אין סטראַשונס ביבליאָטעק. דאָרט האָט חײַקל לונסקי, דער ייִד אָן אַ גאַל, אונטערגעזאָגט די לייענער וועלכע ביכער נעמען צו וואָס. אין סטראַשונס ביבלאָטעק, אויפן שול-הויף, פלעגט קומען גאַנץ שטאָט תּלמידים און סתם לערנער. חײַקל, דער ביבליאָטעקאַר, האָט געקעניגט איבער אַלע ביכער-פּאַליצעס. ס׳איז ניט בנמצא געווען איין וואָרט וואָס זאָל קאָנען אַנטרינען ווערן פון אונטער זײַן מאַכט. מענטשן האָבן גאָר אויף אַזוי פיל ניט געוווּסט וויפל חײַקל לונסקי קאָן. און ווען זיי ווייסן, וואָלטן זיי ניט געגלייבט. און אַזאַ ייִד האָט זיך נוהג געווען צו ריידן מיט אַ שול-ייִנגל פּונקט ווי ער וואָלט גערעדט מיט אַ פּראָפעסאָר פון ווילנער אוניווערסיטעט, מיט דעמזעלבן דרך-ארץ. איז ניט קיין וווּנדער, אַז ווען בניאָמקע איז אין אַ שיינעם נאָך מיטאָג אַריבער די שוועל פון דער ביבליאָטעק, פאַרהילט אין אַ שוואַרצער פאָלערינע און אויסגערופן אויפן קול: רב חײַקל, כ׳בין אַוועק פון שנײַדעריי און אַריבער אויף פילאָזאָפיע!... — האָט אים לונסקי אויפגענומען ווי ברוך שפינאָזעס אַ פּלימעניק.

אַלעם ערשט האָט חײַקל פאַרגעלייגט בניאָמקען אויסטאָן די

פּאָלערינע, ווײַל דער גאַנצער עולם לייענער בײַ די טישן האָט זיך אָפּגעריסן פון די ביכער, כּדי צו באַקוקן גענויער דעם גאַסט. דערנאָך האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל און בניאָמקע האָט אַרויסגעלייגט זיין ספּראַווע. לונסקי האָט אים געבעטן ריידן שטיל און ווילנע האָט צוליב דעם פאַרלאָרן גאָר וויכטיקע מחשבות. בלויז אברהם דער באָס, פון דער רעאַל-גימנאַזיע, וואָס איז דאָן געזעסן בײַם ראָג טיש, האָט אויפגעכאַפּט איינע פון די טעזן: וועלט און פּאַסטריגע...

חייקל לונסקי האָט געהאַט געדולד פון אַ פּאָלק מלאכים. אַז בניאָמקע האָט זיך אויפגעהערט קאָכן, פּרוּוון פילאָזאָפיש אויסטײַטשן דעם אינערלעכן דראַנג פון טאַנדעטניק צלאל נאָז אַרײַנצושטעלן אין פענצטער אַ פוטער מיט אַ שאַלאָוון קראַגן פונקט זומער, ווען גאַנץ דײַטשע גאַס ווערט פאַרברענט, גייט אויס נאָך אַ קופּל קוואַס — האָט חײַקל רויק אַ פרעג געטאָן בניאָמקען:

— פון וועמען ווילט איר אָנהייבן?

בניאָמקע האָט ניט פאַרשטאַנען די פראַגע.

— וואָס הייסט אָנהייבן? איך האָב שוין געענדיקט.

דאָן האָט דער ביבליאָטעקאַר גענומען צו הילף זײַן שמייכל, וואָס כּל זמן איין ווילנער וועט שפּאַנען איבער דער וועלט, וועט דער שמייכל, חײַקל לונסקיס שמייכל, אים באַגלייטן, אַ געפּאַנגענער אין באָרד ווי אַ שטראַלעכל אין אַ וואָלקן.

— בנימין, פילאָזאָפיע איז ניט קיין שנײַדערײַ. זי ענדיקט זיך קיינמאָל ניט...

און חײַקל לונסקי האָט אָנגעהויבן דערקלערן בניאָמקען מיט וואָס פילאָסאָפיע שמעקט. ווען חײַקל איז געקומען, נאָכן אויסרע-כענען אַ מאָן צען פילאָזאָפן, צום דענקער אַריסטאָ, האָט זיך בניאָמקע געכאַפּט פאַרן קאָפּ:

— אַזאַ רײַכע בראַנזשע?!...



בניאָמקע איז געווען זיכער, אַז עס קלעקט בלויז טראַכטן, קומט שוין די פילאָסאָפיע פון זיך אַליין. אויף אַזאַ מפּלה האָט ער זיך אין גאַנצן ניט געריכט: ער האָט געמיינט, אַז ביי פילאָסאָפיע, אַזוי ווי ביי שנײַדערײַ, וועט ער האָבן איין באַלעבאָס. און דאָ דאַרף מען גיין פון וואַרשטאַט צו וואַרשטאַט, בעת איין שטאָך איז ניט ענלעך צום אַנדערן. וואָס איינער זאָגט, מאַכט דער אַנדערער פּאַרקערט. חײַקל האָט אים אין גאַנצן צעטומלט. האָט בניאָמקע ניט געוווּסט אויף וועלכן פילאָסאָף זיך צו וואַרפן, יענער זאָל קאָנען אויסגלייכן אַלע פראַגע-צייכנס. און בניאָמקע האָט געהאַט צו פרעגן און צו פרעגן. אָט, למשל, האָט ער געוואָלט וויסן פאַרוואָס דער מלאך המוות איז אייביק געזונט. צו ווּעמען דאַוונט גאָט. פאַרוואָס יאָגט מען אַ שוואַרצן פּאַצוק מיט אַ בעזעם און אַ ווײַסע מײַזעלע גלעט מען? ס'איז דאָך איין פּאַראַדע!...

אָט אַזוי האָט זיך בניאָמקע געדרייט איבער ווילנע מיט דער פּעלערינע אויף די פּלייצעס און זיך ניט געקאָנט געבן קיין עצה. פון גרויס צרות האָט ער זיך גאָר פאַרבענקט נאָך פּעסעלען. מיט איר איז פּאַרט געווען ווייך און וואַרעם. ער וואָלט שוין באַלד געהאַט פאַרבויגן דעם האָנאָר און צוגעפּאָרן אויף אַ שבת קיין מײַשעגאָלע, אָבער די פילאָסאָפיע האָט ניט דערלויבט: חײַקל האָט אים אַ באַמקע געטאָן וועגן סטאָאיציזם. דאָס איז אַזאַ כאָד אין פילאָסאָפיע, וואָס וועלכע קלאָג עס טרעפט דיך, דאַרף מען איר אויפנעמען אַ גלײַכער, ניט צו פינטלען מיט אַן אויג. בניאָמקען איז דאָס טיף אַריין אין קאָפּ. האָט ער אָנגעהויבן גיין איבער שניפּעשיק שטראָם, ווי אַראָפּגעשלונגען אַ שטעקן. מענטשן האָבן געמיינט אַז ער האַלט זיך גרויס, האָט מען אים אָנגעהויבן נאָכפּייפן. בניאָמקע האָט אָבער געהאַלטן פּאַסאָן, ניט פאַרשעמט די פילאָ-סאָפיע. ס'איז מערניט דאָס, וואָס ער איז געבליבן אַליין. איז ער אַוועק אויף די אַלטע באָסאַקעס, ווו מען פאַרקויפט כל מיני ווילדקייטן און דאָרט אײַנגעהאַנדלט אַן אויסגעשטאָפּטע סאָווע, דער פויגל וואָס דינט, כּידוע, ווי אַ סימבאָל פאַר ביכער און פילאָסאָפיע. בניאָמקע האָט די סאָווע אַוועקגעשטעלט אויפן קאָמאָד און אין

די לאַנגע אָוונטן האָט ער כאָטש געהאַט מיט וועמען צו טראַכטן אַ וואָרט.



אין איינעם אַ טונקעלן שבת צונאַכט האָט זיך בניאָמקע געיאָוועט אין מײַשעגאָלע. ווען פּעסעלע איז אַוועק פון אים, האָט ער זיך טאַקע געזאָגט, ניט איז ניט, אָבער די מעשׂה האָט אים גוט גערופּעט. פּעסעלע האָט אים אָנגעהויבן קומען צו חלום אַ נאַקעטע, מיט די דאָס אַרויס. פילאָסאָפיע איז טאַקע גאָר אַ וויכטיקער ענין, נאָר ווען עס קומט צו יענע זאַכן ווערט מען אויס חכם. בניאָמקע האָט זיך געדרייט אין די נעבעט אויף אַלע זײַטן און געזוכט אַ פילאָסאָפישע שיטה צו פאַרשטופּן דאָרט זײַן וועלעבץ. לסוף האָט ער ניט אויסגעהאַלטן, געכאַפּט דעם לעצטן אויטאָבוס קיין מײַשע-גאָלע און אַוועקגעפאָרן. צירע-לאה האָט צעפּויקט איבער גאַנץ שניפּעשיק, אַז פּעסעלע וועט שפּילן טעאַטער דעם שבת. וואָס זי וועט שפּילן האָט בניאָמקע געוווּסט אָן צירע-לאהן. דער רעזשיסער מיט די שפּאָקולן, פּעסעלעס מאַן, האָט זיך באַרימט פאַר באַקאַנטע אויפן גאַס, אַז ער שטעלט אַ פּיעסע וואָס דורכפאָרנדיקע אַקטיאָרן האָבן אים איבערגעלאָזט. דאָס שטיק האָט געהייסן „די שלאַנג אין געשטאַלט פון אַ פּרוי״ און פּעסעלע שפּילט דאָרט די גלאַוונע ראָלע.

תחילת האָט בניאָמקע געטראַכט אַרײַנגיין צו זײַן האָדוליק אין שטוב, אויסטרינקען אַ גוטע גלאָז טיי מיט באַבקע און איר איבער-לאָזן אַ מתּנה, וואָס זאָל איר אינגאַנצן פאַרטשמעליען: די אויסגעש-טאָפּטע סאָווע. ער האָט איר טאַקע געהאַט מיטגענומען מיט זיך; אָבער אַראָפּגייענדיק פון אויטאָבוס האָט ער געענדערט זײַן פּלאַן. ווייל ס'האָט זיך בײַ זיי געענדיקט מיט אַ ריס און אַ ברוגז, דאַרף מען זיך האַלטן. ווי ער האָט געחלשט זען פּעסעלען, ריידן מיט איר אַ וואָרט, האָט ער נאָך מער געוואָלט באַווײַזן ווער ס'איז שטאַרקער. אויסער זיינע נייגונגען צו פילאָסאָפיע, איז נאָך בניאָמקע געווען דערצו אַן עקשן, אַ פאַרביסענע יוכע. איז אים איבערגעבליבן צו גיין כאַפּן אַ קוק אויף איר בגנבה, איידער זיך אונטערצוגעבן.

האָט בניאָמקע פאַררוקט די סאָווע אונטער דער פאָלערינע און געטראַמפּלט דורך דער לאָנקע צום שײַער פון די פּײַערלעשער ווו דער מײַשעגאָלער דראַמקרײַז האָט געגעבן טעאַטער.

בניאָמקע האָט זיך אַרײַנגערוקט אין שײַער ווען די פאָרשטעלונג האָט שוין אָנגענומען פאַרע, בעת דער וויכטיקסטער סצענע. גאַנץ מײַשעגאָלע, גויים בתוכם, זענען געזעסן אין זאַל, יעדער אויף זײַן מיטגעבראַכטן בענקל. בניאָמקע האָט זיך צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, האַרט בײַ דער בינע, און געוואַרט אויף פעסעלעס אויפטריט. ס'האָט ניט לאַנג געדויערט און די קינסטלערין איז אַרויף מיט אַ מאַראַלישן גאַנג אויף דער בינע, כּדי צו געבן איר מאָנאָלאָג. ווײַל זי האָט געשפּילט אַ פרוי, אַ שלאַנג, וואָס פאַרפירט מענער, האָט זי געלאָכט טיף אין האַלדז און געדרייט מיט די אויגן. זי זאָל נאָך מער זײַן ענלעך צו אַ שלאַנג, האָט איר דער מאַן, דער רעזשיסער, געהייסן אָנטאָן געלע שאַרעוואַרן, זייער ענגע. דער עולם איז געווען גאָר איבערגענומען מיט דעם מעמד. און ווען פעסעלע האָט געגעבן אַ דריי מיט דער טאַליע און אויסגערופן צום פאַרטנער:

— אַרנאָלד, מיין שאַץ, האַלט מיר אונטער די געפילן!... איז אַדורך אַ שושקעריי צווישן פובליקום.

בניאָמקע האָט זיך אַרויסגעשלײַכט פאַר דעם סוף. די אָוואַציעס האָבן אים באַגלייט בעתן גיין דורך דער לאָנקע, פאַזע דעם וואַלד, צוריק צום שאָסיי. דאָס פאַטשעריי האָט אים הילכיק געקלאַפּט איבער די אויערן ביזן ראַנד פון וואַלד, אַ באַגאָסענער מיט מילכיקן לבנה-שײַן. ס'זאָל אים זײַן לײַכטער צו גיין האָט בניאָמקע פאַרוואָרפן אַ פאָלע. די סאָווע איז אַרויסגעפאַלן פון אונטער דעם געוואַנט. בניאָמקע האָט אײַנגאַנצן פאַרגעסן, אַז ער האָט איר בײַ זיך. מיט אַ מאָל איז זי אים געוואָרן איבעריק. ער איז אַרײַן אַ ביסל טיפער אין וואַלד און אײַנגעמאָשטשעט דעם היימישן פויגל צווישן עטלעכע צווײַגן פון דעם ערשטן, בעסטן בוים. ער איז נאָך ניט געווען דער-גאַנגען צום שאָסיי, האָט זיך פון וואַלד גענומען טראָגן אַ סאָווע-רוף. די צוויי פאַרדומפּטע נאָטעס פון איר הו-הו, ווי דער אַרײַנגעפאַלענער קלאַנג אין אַ ברונעם, האָבן צעריסן די שטילקייט. אַ שוואַרצע

טשאַטע פייגל האָט אַרויסגעשאָסן פון איבער די שפּיצןביימער גלייך אין הימל אַריין, און פאַרשוווּנדן געוואָרן ווי קיין מאָל ניט געווען. בניאָמקע האָט אויפגעציטערט. וואָס איז דאָ וואָס? דערנאָך האָט ער זיך געכאַפּט, אַז זיין סאָווע איז דאָך אָנגעשטאָפּט מיט קליאַטשע און קאָן ניט הו-הוקען. אויף דער רגע האָט אים פאַרדראָסן וואָס ער האָט איבערגעלאָזט דעם פויגל אויף גאָטס באַראָט. ס׳איז פאַרט געווען אַ צוגעוווינטע זאַך; אָבער גלייך האָט אים אויפגעבליצט אינעם חושך אַ באַרעכטיקונג — און פעסעלע איז ניט געווען קיין צוגע-וווינטע זאַך? מאַלע צו וואָס אַ מענטש איז צוגעוווינט... אָט לערנט די פילאָסאָפיע...

אַזוי פאַרטיפט אין די מחשבות ביז איבער דעם אויפגעהויבענעם קאָלנער פון זיין געפאַלדעוועטן בגד, האָבן געטראָפן בניאָמקען די באַלעגאָלעס, וואָס האָבן געפירט ווייץ צו קינקולקינס מיל, קיין ווילנע. בניאָמקע האָט זיי דערזען, האָט ער אָנגעהויבן שטאַמלען. זיך פאַרדרייט... ניטאָ קיין אויטאָבוס... כ׳בין אַרויס, אפשר וועט זיך מאַכן אַ פור... אָבער די באַלעגאָלעס, די ממזרים, האָבן אַלץ פאַרשטאַנען. זיי האָבן אַלע געוווּסט וועגן פעסעלען מיט בניאָמקען, ווייל מיישעגאָלע מיט שניפּעשיק זענען תמיד געווען ווי אַ שטוב מיט אַ קאַמער. איז בניאָמקע געזעסן אויף די זעק ווייץ אַן איינגעקאָרטשע-טער און יעדער פאַרבייגעפאָרענער בוים האָט אים צוגעשאָקלט מיט דעם באַבלעטערטן, זומערדיקן קאָפּ:

— בניאָמקע, דיין גורל איז פילאָסאָפיע...



צירע-לאה איז אין אַ מאַרק-טאָג אַרויס פריִער פון שטוב, כּדי איינצוהאַנדלען מציאות, האָט זי געטראָפן שטיין ביים טיר בניאָמקעס פּרעס-אייזן. צום הענטל איז געווען צוגעבונדן מיט אַ רויטן פאָדעם אַ בריוו. זי האָט אַריינגעטראָגן דעם אוצר אין שטוב אַריין, אָפּגעריסן דעם בריוו און גענומען אים לייענען. מיט דער הילף פון אירע בלעבענע שפּאַקולן איז זי דורכגעקראָכן פאָלגנדיקע שורות:

חשובע צירע-לאה,

אַזוי ווי איך גיי אַוועק פון שניפּעשיק, לאָז איך אײַך איבער אַן אָנדענקונג מײַן פּרעס-אײַזן. פּעסעלע שפּילט טאַקע טעאַטער ביי איר ניט-היגן בוהײַ, אָבער איך וואָלט אירע וועלטן שטאַרקער פאַרב-רייטערט. מיין פּילאָזאָפישער גאַנג (סטאָאיציזם) זאָגט מיר אונטער איך זאָל איר ווינטשן אַל דאָס גוטס און אײַך אויך, כאָטש איר האָט צעטרענט דעם שידוך.

און וועגן דער עצה, וואָס כ'האָב געגעבן פּעסעלען פאַר דער חתונה — האַלט איך זיך בײַ מײַניקע.

זײַט געזונט, אײַער שכן ביז הײַנט.

**בנימין (בניאָמקע)**

צירע-לאָהן האָט אַ ברי געטאָן בײַם הארץ. ווי ניט איז בניאָמקע געווען בײַ איר ווי אַן אייגן קינד. אַזוי פיל יאָרן אויף איין הויף. און ווי איז ער געווען פאַר פּעסעלען? איז ווו טראָגט אים? וואָס איז אים אַרײַן אין זײַן צעדרומשקעטן קאָפּ?

אָנשטאָט צו גיין אויפן מאַרק, איז צירע-לאה געלאָפן צו בניאָמקען. אַ פאַרסאָפּעטע האָט זי אַן עפן געטאָן זײַן טיר. די שטוב איז געווען ליידיק. דער רימען פון דער ניימאַשין איז לויז געהאָנגען אויף אַ האַלבע ראָד. דאָס קעפּל האָט געפעלט. זי איז אַרײַן צו די שכנים קעגנאיבער. קיינער האָט גאָרנישט געוווּסט. אַוועק דורך נאָכט אין וואַסער אַרײַן.

צירע-לאה האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בענקל נעבן דער גע-קעפּטער ניי-מאַשין און זיך פונאַנדערגעוויינט. אַ געוויין וואָס פּאַסט פאַר אַ יונגער אלמנה, ערשט געקומען פון בית הקברות.



צוויי מענטשן אין ווילנע האָבן טאַקע ניט געוויינט נאָך בניאָמקען, אָבער געבענקט האָבן זיי גאָר שטאַרק. דאָס זענען געווען חײַקל לונסקי דער ביבליאָטעקאַר און אַנטאָנאָווע די זנאַכערקע. חײַקלען האָט געפעלט בניאָמקע מיט זײַנע פראַגן, וואָס האָבן עדות געזאָגט

אויף אַ טיפן באַנעמען די גרונט-געזעצן פון פילאָסאָפיע און אַנטאָ-נאָווע די זנאַכערקע איז געבליבן אָן אַ סטאַציע פאַר דעם זון. ווי איז יענעם אַזוי גוט געווען ווי ביַי בניאָמקען? חדשים נאָך בניאָמקעס פאַרשווינדן איז ער געקומען אַלע וויַילע קלאַפּן אין דער פאַרמאַכטער טיר, ביז דער סטרוזש פון הויף האָט אים אָנגעסטראַשעט און אַרויסגעטריבן. אַנטאָנאָווע האָט דערציילט אין גאַס, אַז בניאָמקע האָט אָנגעטאָן דעם באָלוואַן אירן אַ גוטן כּישוף. ער האָט אויפגע-הערט גאַווערן, עסט ווי אַ מענטש, מאַכט ניט קיין הוועיות. גאַנצע טעג זיצט ער אַ פּאַרטראַכטער ביי דער ווילי‌ע, אויפן קירבעסקאָפּ אַ פּאַפּירענעם הוט, און כאַפּט פיש מיט אַ ווענדע אָן אַ האַטשיק. אַ פּאָלנער פילאָסאָף.

אַזוי איז בניאָמקע אַוועק פון שניפּעשיק און ס'האָט קיין סך ניט געפעלט מען זאָל אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן אים. מאַכט זיך, אָבער אַ מעשׂה, עס קומען קיין ווילנע צוויי ווילנער ייִדן פון מעבר-לים און דערציילן, אַז אין אַ וויַיטער שטאָט, אויפן ראָג קאַנאַדע, האָבן זיי געטראָפן גאָר אַ וויכטיקן ייִדן, אַ פּראָפעסאָר אין דאָרטיקן אוניווערסיטעט. ווען ער האָט געהערט אַז די ייִדן זענען פון ווילנע, איז ער געוואָרן אַ לעבעדיקער. ער האָט זיי איַינגעלאַדן צו זיך אַהיים, אַ פּאַלאַץ, וואָס מען זעט עס ניט. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען נאָר גערעדט וועגן ווילנע. יענער האָט געפרעגט און זיי האָבן געענטפערט. אין סאַלאָן ביי אָט דעם פּראָפעסאָר האָבן זיי געזען שטיין אויף אַ פּעדעסטאַל אַ קעפּל פון אַ ניי-מאַשין, ווי עפּעס אַ טייערע, קריש-טאָלענע וואַזע.

— ?...

ביז היינט צו טאָג ווייס מען ניט אויף שניפּעשיק וואָס צו טראַכטן וועגן דעם.

איין צירע-לאה איז זיכער, אַז דאָס איז ער — בניאָמקע.

# די ווונדערלעכע טעאָריע פונעם שוסטער פּרענציק

דער שוסטער פּרענציק פלעגט שלאָפן אין די קליידער. אָפּגע-אַרבעט אַ טאָג, האָט ער זיך נוהג געווען, גלייך פון וואַרשטאַט, זיך אַרײַנלייגן אין בעט און ניט אַראָפּנעמען דאָס היטל פון קאָפּ. אַפילו דעם האַמער האָט ער מיטגענומען, פאַררוקט אים אונטערן קישן. פּרענציק האָט געהאַלטן, אַז ניט כּדאי זיך אויסצוטאָן. מען קוקט זיך קוים אַרום — דאַרף מען ווידער גיין שלאָפן. בפרט נאָך, אַז ס'איז ניטאָ פאַר וועמען זיך אויסצוטאָן, איז גלײַכער צו שלאָפן אין די קליידער.

פּרענציק איז געווען אַן עלנטער.

אָבער אין גאַנצן עלנט קאָן אַ מענטש ניט זײַן. ער מוז זיך אָנכאַפּן אין עפּעס, אַפילו אין אַ פליג. פּרענציק האָט זיך אָנגעכאַפּט אין חיות. ניט אַזוי צוליב פאַרטרײַבן דעם עלנט, ווי צו באַשטעטיקן אַ וויסנשאַפטלעכע טעאָריע, מיט וועלכער ער האָט געוואָלט פריטש-מעליען די וועלט. האָט ער אינעם הייפל הינטער זײַן שטוב, אויף קליין-סטעפּן-גאַס, אין שכנות מיט צערילעס אַכסניא, פאַרלייגט אַ זאָאָלאָגישן גאָרטן. ער האָט אָפּגעריינִיקט דאָס הייפל פון קראָפּעווע, אויסגעפּראָוועט שטײַגן און דאָרט געהאָדעוועט כּל-מיני ברואים, פאַרזעענישן. מען האָט קוים געוווּסט פון וואַנען ער האָט זיי דאַבוּוועט, ווײַלע אין ווילנע האָט אַ מינדסט שפּערל געטרילערט ווי אַ קאַנאַריק און יעדע קאַץ האָט געברולױעט, געווען אַ שיינקייט פאַר זיך. מען האָט גערעדט, אַז פּרענציקס חיות זענען פון ניט-הי, פון גאָר ווײַטע לענדער. דער לערער גיליגיטש פון דער רעאַל-גימנאַזיע איז אַ מאָל אַרײַן אין פּרענציקס פּריוואַטן זוועריניעץ, האָט ער געהויבן מיט די אַקסלען, באַוווּנדערט דאָס עקזאָטישע אייגנס וואָס דער שוסטער האָט אָנגעזאַמלט.

אַ גוטע שעה איז דער לערער גיליגיטש געזעסן אין די שקאַר-

פעטן און פרענציק האָט „נאַ-פּאַטשעקאַניע׳ געלייגט נײַע אָפּצאָסן מיט רובציקעס אויף דעם לערעס קאַמאַשן. דערבײַ האָבן זיי געש-מועסט וועגן זאָאָלאָגישע פּראָבלעמען, וואָס דאָס איז געווען פרענ-ציקס שוואַכקייט. ער האָט צוזאַמען מיט די נעגעלעך געוואָרפן פון מויל אָפּגעריסענע שטיקלעך טעאַריע פון איינעם אַ פּראָפעסאָר מיטשורין, וואָס האָט אין ראַטן-פאַרבאַנד משדך געווען קאַרטאָפל מיט באַטשווינע, עפּל מיט קאַרשן, און מען האָפט אַז די זיווגים וועלן געבוירן לײַטישע קינדער. אַזוי האָט פרענציק געלייענט אין „אָוונט-קוריער". וויפל דער לערער גיליגיטש האָט געוואָלט געבן צו פאַרש-טיין דעם שוסטער, אַז באָטאַניק איז ניט קיין זאָאָלאָגיע, האָט עס ניט געהאָלפן. פרענציק האָט געטענהט אַז ער וועט פון זײַנע חיות מאַכן מענטשן. ס׳דאַרף נעמען צײַט, אַ סך צײַט. ער וועט זיי איבערהאָדעווען און פון שוואַרץ וועט ווערן ווײַס.

דערווײַלע האָט אין פרענציקס הייפל געווימלט מיט פאַרשיידענע באַשעפענישן, פאַרדולטע חיות מיט שפּיציקע נעזער און האַרטע ווײדלען, ווי קוקורוזע. אויך אַ פּאָר עופות אין רײַסיקע קאָלירן האָבן זיך דאָרט אַרומגעדרייט. געריסן איינס פון אנדערן בינטלעך פעדערן, זיך געצופּט מיט די בלאַנקע שנאָבלען ביז בלוט. אַ גאַנצן טאָג איז אין הייפל געווען אַ געפּילדער, אַ הוזשערײַ, אַ בייז צישען. די פאַרזעענישן האָבן געשטשירעט די ציין, געזוכט קרבנות.

פאַר די חיות האָט פרענציק געצאָלט מיט פּאָדעשוועס. דער שומר פון זאָאָלאָגישן גאָרטן אויפן ראָג זאַוואַלנע-גאַס האָט אָנגע-טראָגן פרענציקן ווי נאָר אַ פאַרזעעניש. דערפאַר איז יענער געגאַנ-גען אַ קײַלעבדיק יאָר אין גאַנצע שיך. ער און זײַן משפחה. דער גאָרטן אין ווילנע איז געווען זייער אַ בידנער. קיין גרויסע זיבן זאַכן האָט מען דאָרט ניט געזען. די הויפּטעקספּאָנאַטן זײַנען באַש-טאַנען פון אַן אויסגעקראָכענעם וואָלף מיט אַן אָרעמאַנסקער צורה, אַ פּאָר ווידרעס און אַ הינקעדיקן פּעליקאַן. וואָס אַן אמת האָט די שטאָט געטראַכט אויפצובויען אַ ריכטיקן זאָאָלאָגישן גאָרטן אויף אַנטאָקאָל, אין אַ וואַלד האַרט בײַ דער ווילִיע. אָבער דערווײַלע איז עס געווען אַ שיף אָן אַ רודער. דער שומר האָט געשאָלטעוועט,

געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט. טאָמער האָט ווער פון די פּריצים אַרום ווילנע געבראַכט אַ מתּנה פאַרן גאָרטן, איז דאָס געגאַנגען צו פּרענציקן. דער גוי, דער אָפּיעקון, האָט געהאַט אַ גוטן תּירוץ: געפּגרט. אַזוי האָט פּרענציק אָנגעהאָדעוועט אַן אייגענע פּאַראַפּיע באַשעפענישן אויפן בייז-ווונדער. אַ טראַגעדיקע האָט דאָרט ניט געטאָרט אַרײַנקוקן.

צו וואָס האָט פּרענציק באַדאַרפט האָבן דאָס גאַנצע געשעפט? צו וואָס האָט ער געוואָלט זיך דערשלאָגן? ער האָט געוואָלט דער־ווײַזן ווילנע, אַז מען קאָן אויף אַזאַ אופן שענער מאַכן די וועלט, גאָט אַליין זאָל אויפרײַסן די אויגן. פּרענציק האָט געטענהט, אַז דער באַשעפער וואָלט געקאָנט, ווען ער וויל זיך מער אָפּגעבן, אַרויסלאָזן חיות-ליאַלקעס. אַפילו אים אַליין, פּרענציקן, האָט ער אויך געמעגט אויסקנעטן אַ ביסל פלײַסיקער, ניט מיט איין אויג נענטער צום אויער ווי צו דער נאָז. צוליב דעם פעלער, אַחוץ אַנדערע, אין דאָך פּאַנקע, די כּלה זײַנע, אַוועק אין מיטן דער נאַכט מיט אַ מיליטערישן שנײַדער קיין אַפריקע.

ווילנע געדענקט ווי פּרענציק האָט זיך פון דעמאָלט איבער־געביטן. ער האָט אויפגעהערט קומען אויף די פאַרזאַמלונגען פון צער, אויפגעהערט נעמען אַ ביסל בראָנפן אין איצקע דעם געלנס קנײַפּע. ער האָט אויך אָנגעהויבן שלאָפן אין די קליידער. דעם גאַנצן סם האָט פּרענציק געהאַט אַרײַנגעלאָזט אין זײַן זווערינעץ. ער איז געגאַנגען איבער די יאַטקעס, אין שחיטה-שטיבל, מיט אַ זאַק און אויפגענומען ביינער, כּל-מיני אינגעווייד און אָפּפאַלעכץ. אויך פּראָבעס בעקערײַ האָט ער ניט דורכגעלאָזט. פון קאַרגן פוטער האָבן זײַנע חיות אָנגעהויבן גריזשען אַלט ברויט, אַפילו ניט בראַ־קירט סוכאַרעס. יעדן זונטיק אין דער פרי האָט פּרענציק געפונען אָנגעוואָרפן לעבן זײַן הייפל אַ קופּע רעשטלעך פון אַלע טשאָלנטן אויף קליין-סטעפּן-גאַס. מען האָט געוווּסט אַז ער דאַרף דאָס פאַר זײַנע באַשעפענישן, אַ צער-בעל-חיים אויף זיי. שכנים זענען אַ מאָל געקומען צו אים, געבעטן אין גוטן מוט ער זאָל פונאַנדער־לאָזן זײַן אוצר, אָבער פּרענציק האָט ניט געוואָלט הערן דערפון.

ער האָט זיי גאָר גענומען דערקלערן באַריכות דעם זינען פֿון זײַן זאָאָלאָגיע. ער מוז זיך דערשלאָגן צו עפּעס שענערס. מיט געדולד וועט ער איבערמאַכן די נאַטור. אָט האָט ער געלייענט אין דער צײַטונג וועגן איינעם...

פּרענציק האָט גערעדט און אַלע אַרום האָבן געשאָקלט מיטן קאָפּ, ביז מען איז זיך שטיל פֿונאַנדערגעגאַנגען, ווי נאָכן מבקר-חולה זײַן אַ שווער-קראַנקן.

פֿון אַלע זײַנע זאָאָלאָגישע עקספּערימענטן איז דערוויילע פּרענציקן געראָטן איינער: ער האָט געהאַט אין הייפֿל אַ הונט, אַ קודלאַטן, אָן אַ ראַסע. האָט פּרענציק זיך אײַנגעטשעפּעט, אַז ער מוז אים אויסלערנען זיך אויפֿפֿירן ווי אַ מענטש. האָט ער אים אַזוי לאַנג געמאָרעט, פֿאַרסטראַשעט, ביז יענער האָט אויפֿגעהערט שמעקן צו אַ סלופּ, הייבן אַ פֿיסל. ווען ס׳איז אים אָנגעקומען זײַן באַדערפֿעניש, האָט זיך דער הונט אָנגעשפּאַרט מיט די פֿאָדערשטע לאַפּעס אין דער וואַנט פֿון צערילעס אַכסניא און משתּין געווען ווי אַ מאַנסביל. גאַנץ קליין-סטעפּן-גאַס האָט זיך ניט געקאָנט אָפּוווּנ-דערן ווי פּרענציקס הונט גייט אויף לופֿט. פֿון דעמאָלט אָן האָט מען פּרענציקן צו רו געלאָזט. זאָל ער טאָן וואָס ער וויל.

דער לערער גיליגיטש איז אַ מאָל אַרײַן צום שוסטער מיט דער טאָכטערס איינציקע פּאָר טופֿל, האָט ער ווידער צו אים גערעדט:

— פּרענציק, אַ בעל-חי איז ניט קיין פּרובֿט. איר קאָנט ניט אָנווענדן מיטשורינס מעטאָדן אין זאָאָלאָגיע. אַחוץ דעם איז יענער אַ בלאָפֿער. פֿון זײַנע עקספּערימענטן וועט זיך אויסלאָזן אַ טײַך.

פּרענציק בראָזגעט די הילצערנע שטיפֿטעלעך אין די הויכע מיידלשע אָפּצאַסן און בורטשעט דערבײַ:

— איר׳ט זען וואָס איך וועל מאַכן פֿון זיי. כ׳האָב זיי שוין צוגעוווינט צו שטוביק עסן. דער צווייטער דור וועט קריגן דערפֿון אַן אַנדער קאָליר, ווייכערע פֿעלן.

דער לערער גיליגיטש האָט שוין מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן און זיך צעשריען:

— ס׳זענען פֿאַראַן געזעצן!
פֿרענציק ווערט גאָרניט נתפּעל פֿון די געשרייען:
— וועלכע געזעצן?
— נאַטור-געזעצן!
דער שוסטער טוט זײַטיק אַ הייב דאָס אויג וואָס איז נענטער צום אויער און פֿריטשמעליעט דעם לערער מיט דער שאלה:
— מען קאָן זי גאָר ניט רירן פֿון אָרט, די נאַטור?



אַז מען קאָן ניט רירן פֿון אָרט די נאַטור האָט אים אויך געזאָגט, אויף זײַן אופֿן, דער בעזנאָג, וואָס האָט געהאַנדלט מיט פֿויגלען און גאָלדענע פֿישלעך. זײַן קראָם האָט ער געהאַט אויף הקדש-גאַס. פֿרענציק האָט זיך נוהג געווען אַלע פֿרײַטיק, אויף צוריק-וועגס פֿון טישקעוויטשעס שוויצבאָד, אַרײַנצוגיין צום בעזנאָג צו שמועסן אַ ביסל מכּוח זאָאָלאָגיע.

דער בעזנאָג איז אַרומגעפּאָרן איבער זײַן געשעפֿט אין אַ וועגעלע אויף צוויי ניקלנע רעדער. די פֿיס זענען געווען בײַ אים אָפּגעשניטן ביזן סאַמע בויך. ער האָט זיך געשעמט צו ווײַזן צווישן מענטשן. ביז פֿרענציק האָט אים אַרויפֿגעזעצט אויף אַ שטיק כראָמלעדער און אַרומגעצייכנט מיט אַ קרײַדל דעם בעזנאָגס אומקרײַז. דערנאָך האָט ער גענומען אַ לײַוונטן העמד, אונטערגעניייט דעם אויסגעשניטענעם לעדערנעם דעק און דער בעזנאָג האָט געהאַט אַ בגד אויף טראָגן און טראָגן. אויך פֿאַרן אויג איז ניט געווען אַזוי פֿריקרע דעם בעזנאָגס מראה, נאָך דעם ווי פֿרענציק האָט אים פֿאַרפּאַקט אין אַ מין לײַוונטענעם שקאַרמיץ, אונטערגעניייט מיט לעדער. אַזוי זענען זיי געוואָרן גוטע פֿרײַנד.

די גאַנצע קראָם בײַם בעזנאָג איז געווע פֿול מיט פֿויגלען אין שטײַגן און פֿישלעך אין סלויעס. אין פֿענצטער איז געשטאַנען אַ גרויסער אַקוואַריום. דאָרט האָבן די פֿיש געהאַט בעסער, געקאָנט אויסציִען אַ פֿלוספֿעדער. פֿלעגן טאַקע קינדער שטיין אין גאַס גאַנצע טעג און קוקן מיט צוגעפּלעטשטע נעזלעך צו דער שויב אויף אַלע

שמד-שטיק פון די קאַליריקע פיש, ווי זיי יאָגן איינע די אַנדערע, אַרויף און אַראָפּ, באַדעווען אַרום אין וואַסער.

פּרײַטיק נאָך מיטאָג. קיין קונים קומען ניט. אַפילו די פויגלען אין די שטײַגן גרייטן זיך צו שבת, פּוצן די פעדערן, טרייסלען זיך אָפּ פון שטויב. אין אַזאַ צײַט זיצן ביידע פרײַנד, איינער אין זײַן רעדערשטול, דער צווייטער אויף אַ קיכבענקל, און דער בעזנאַג רעדט אַרײַן אין פּרענציקן:

— דער לערער גיליגיטש אין גערעבט. אַ געזונט אויף זײַן קאָפּ. אָט האָט ער מיר אַנוסטן דערציילט, אַז טשיזיקעס זענען פאַראַן צוויי סאָרטן — ער'ט מיר די אויגן געעפנט. גייסטו זיך שפּאַרן מיט אים. וואָס ער זאָגט איז הייליק. אין זאָאַלאָגיע איז ניטאָ קיין קונצן. יעדער פויגל האָט זײַן שפּרונג. וואָס דאַרפסטו מער, אָט וועל איך דיר געבן אַ משל, וועסטו פאַרשטיין וואָס זאָאַלאָ-גיע מיינט. אַ קו מיט אַ ציג גייען אַרויס פאַר נאַכט אויף דער לאָנקע. ביידע קײַען דאָס זעלביקע גראָז. איז דאָך גוט, האַ? גייען זיי אָבער צוריק אַהיים, לייגט די קו אָן אויפן וועג סחורה, ניט אַרײַנ-צוטרעטן. און די ציג — דאָ אַ באָבקע, דאָרט אַ באָבקע, שױע-פּױע. ווײַל ס'איז ווי דער לערער גיליגיטש זאָגט. יעדער האָט זײַן דרך.

פּרענציק לאָזט זיך ניט איבערצײַגן:

— און מײַן הונט?

— ווען מען מאָרעט דיך מיט אַלטע טשאָלנטן וואָלטסטו אויך געקראָכן אויף די ווענט...



אַזוי גייט אַוועק פּרענציק פון בעזנאַג אין סאַמע שבת אַרײַן. אויף הקדש-גאַס זענען אַלע קראָמען געשלאָסן. דער טויער פון ייִדישן שפּיטאָל איז שוין אויך פאַרמאַכט. אַ דריבנע רעגנדל באַגלייט פּרענציקן אַהיים. אין דרויסן איז שוין גוט טונקל. דאָ, דאָרט שימע-רירן שבת-ליכט דורך די לאָדנשפּאַלטן. אײַנגעבויגן, מיט אַן אויפגע-הויבענעם קאָלנער, דאָס בינטל שמוציקע וועש אונטערן אָרעם, שפּאַנט ער איבער הקדש-גאַס. יעדער רעגן-טראָפּן, וואָס טרעפט

אים אין פּנים, פאַרוואָסערט זײַן זיכערקייט אין דער זאָאָלאָגישער טעאָריע, וואָס ער וויל אויפבויען אויף גוואַלד. עטלעכע יאָר ווי ער דרייט זיך דערבײַ און דערווײַלע איז נאָך פון זײַן הייפל ניט אַרויס קיין נײַע בשׂורה צו דער וויסנשאַפט. טאָמער האָט ער געפרוווט אַרײַנזעצן אין זײַן שטײַג צוויי פאַרשיידענע מינים פאַרזעעניש, האָבן יענע, אַנשטאָט זיך אָנהייבן ליב צו האָבן, באַלד אָפּגעריסן איינס דער אַנדערן די קעפּ.

פרענציק האָט חרטה אויף זײַן עקשנות. ער טראַכט אויך וועגן זײַן וויזיט בײַם בעזנאָג. יענער האָט גערעדט און ער האָט זיך דערווײַלע צוגעקוקט צו די פויגלען. קאָלירן אויף קאָלירן. ניט ווי זײַנע מיאוסקייטן. אָט איז אַ רויטהעלדזל, און אָט איז אַ פינק מיט אַ פאַרביקן קעפּל. אין ווינקל דרייט זיך איבערן שטײַג אַ בלויפויגל מיט צוויי תּכלתדיקע פלעקן אויף די פליגלען, ווי עפּאָלעטן. און קאַנאַריקעס, געלע ווי מאַקוכע-בלומען. פּאָפּוגײַען, ציטער-עקלער, אַלע אַזוי רירעוודיק, האָפערדיק, אַ נחת פאַרן אויג. דער בעזנאָג האָט אים פאַרטרויט, אַז ווען ניט די פויגלען לייגט ער אַ האַנט אויף זיך. ער אַליין קאָן זיך ניט רירן פון אָרט, האָט ער כאָטש אַ ביסל פרייד פון זײַן קראָם-סחורה. דער בעזנאָג האָט אים אַפילו מגלה געווען, אַז דאָס איז זײַן איינציקער פאַרגעניגן...

פרענציק איז געקומען אַהיים, האָט ער אָפּגעגעסן זײַן איינזאַמען מאָלצײַט און זיך גענומען לייענען דעם „אָוונט-קוריער". אין פרײַ-טיק-נומער איז תּמיד געווען אַן אַרטיקל פון אַלצווייסנדיקן רעדאַק-טאָר אַ. י. גראָדזענסקי וועגן די נײַסטע דערגרייכונגען אין דער וויסנשאַפט, זייער צוגענגלעך דערקלערט און פאַרווירצט מיט אייגע-נע פּירושים. דאָס מאָל האָט דער רעדאַקטאָר געשריבן וועגן סעק-סועלן לעבן פון די פּיאַווקעס. הײַנט איז פרענציקן דער אַרטיקל ניט געקראָכן אין קאָפּ. ער האָט גאָר געטראַכט וועגן זײַן דורכפאַל אין דער זאָאָלאָגיע. אָט האָט ער געוואָלט דערווײַזן אַז מען קאָן איבער-האָדעווען באַשעפענישן און וואָס ס'איז מיאוס — מאַכן שיין. און ניט אַזוי באַשעפענישן ווי אים אַליין, וואָס איז אַרויס אויף דער וועלט מיט אַן אויג פאַרזעעצט ניט אויף אַן אָרט, מיט אַ געשפּאָל-

טענער האָזנליפּ און גרויסע אויערן, ווי חנוכּה-לאַטקעס. ער האָט געוואָלט דערוויַיזן, אַז ס'וועט קומען אַזאַ ציַיט, נאָך לאַנגע פּרוּוון, און אַזאַ ווי ער וועט האָבן אַ קלאָר פּנים מיט שוואַרצע וואָנצעס. ער וועט שפּאַצירן מיט אַ קאַטעלאָק אויפן קאָפּ איבער דיַיטשע-גאַס און מיידלעך וועלן פון אים ניט אַנטלויפן ווי פאַנקע, וואָס נאָך אַ האָר גייט זי מיט אים אונטער דער חופּה.

זעט אויס אַז די נאַטור האָט אירע געזעצן, ווי עס זאָגט דער לערער גיליגיטש. און ער, פרענציק, איז אַרונטערגעפאַלן אונטער אַ שלעכטן געזעץ.

אַזוי האָט פרענציק ביז האַלבער נאַכט באַדויערט זיך אַליין. ער האָט ניט געקאָנט שלאָפן. עפּעס האָט אים געטאַרעט, ער האָט אַליין ניט געוווּסט וואָס, אָבער אַז ער דאַרף מאָרגן, לכּבוד שבת, אויפשטיין מיט אַ קלאָרן קאָפּ, אָן זאַאַלאַגישע מחשבות, דאָס האָט ער געוווּסט גענוי. האָט ער ניט מצליח געווען — דאַרף ער אָפּשניַידן.

פרענציק האָט אַ וואָרף געטאָן די ציַיטונג און אַרויס אויפן הויף. אַ גרויסע, העלע לבנה איז געשטאַנען אינעם אויסגעלײַטערטן הימל. אַ קאַלט ווינטל האָט געטריבן צום פריזן האַרבסט. פרענציקס חיות-פאַרמעג איז געווען באַלויכטן מיט אַ גרעלן ליכט. די ברואים זענען געלעגן פאַרטיַיעט אין די שטיַיגן און געשלאָפן אַן אומעטיקן שלאָף פון געפאַנגענע, וואָס האָבן שוין לאַנג אויפגעגעבן זייער פריַיהייט. בלויז דער קראָט, דעם שומרס לעצטע מתּנה, האָט זיך גענורעט האַרט ביַי די קראַטן פון זיַין שטיַיג, געפּרוּווט אונטערגראָבן די תּפיסה.

פרענציק האָט אויפגעעפנט די שטיַיגן איינע נאָך דער אַנדע-רער. צו ערשט האָבן די פאַרשלאָפענע חיות ניט פאַרשטאַנען דעם מיין, דערנאָך האָבן זיי זיך אויסגעטשוכעט און אָנגעהויבן לויפן איינע נאָך דער אַנדערער, ווי פון אַ שׂרפה. וויַיט לויפן האָבן זיי ניט באַדאַרפט. זיך דורכגעדרייט עטלעכע גאַסן, זענען זיי שוין געווען אין זאַקרעטער וואַלד. האָבן עטלעכע פאַרבלאָנדזשעט, געלאָפן אין אַן אַנדער ריכטונג, איז אויך ניט געווען קיין אומגליק: זיי זיַינען אָנגעקומען אין אַן אַנדער וואַלד, אויף אַנטאָקאָל. ווילנע האָט

געהאַט געננוג וועלדער פֿאַר גאַנצע פֿאָלקן נאָרקעס און מאַרדערס און וואָס ניט.

אין איין מינוט איז פֿון פֿרענציקס זאָאָלאָגישן גאָרטן ניט געבליבן קיין נפֿש. בלויז דער קראָט האָט זיך צעטומלט, ניט געוווּסט ווּ ער איז אין דער וועלט. ער האָט זיך פֿאַרגראָבן אונטער אַ בערגל לעבן דער תּפֿיסה אויף סטעפֿן-גאַס. יע, אין הייפֿל ביַי פֿרענציקן איז בלויז געבליבן אַן אויטלענדישע הון מיט אַ גוידער ביז דער ערד.

אָפּגעטאָן דאָס אַלץ, איז פֿרענציק אַריַין צוריק אין שטוב, פֿאַרלאָשן דאָס ליכט, אויסגעטאָן די הויזן און זיך אויסגעצויגן אין די בלויזע אונטערוועש אויפֿן געלעגער. שוין לאַנג איז ער אַזוי ניט געשלאָפֿן. פֿאַרן אַנטשלאָפֿן ווערן האָט נאָך פֿרענציק געטראַכט וועגן דעם וואָס דער בעזנאָג האָט אים געזאָגט: ווען ניט די פֿויגלען לייגט ער אַ האַנט אויף זיך. וועט ער אויך געפֿינען עמעצן, וואָס זאָל זיַין אַ פֿאַרגעניגן צו קוקן אויף דעם.

אין דער פֿרי האָט פֿרענציק אָנגעטאָן דעם שבתדיקן אָנצוג, פֿאַרפּאַקט אין „אָוונט-קוריער" אַ האַלבע חלה און אַוועקשפּאַצירט דורך דײַטשע-גאַס ביז אַראָפּ צום קאַטעדראַלפּלאַץ. פֿון דאָרט האָט ער זיך פֿאַרנומען צום בערנאַרדינער גאָרטן. דער גאַנצער וועג צו דער באַנק האָט ביַים סטאַוו אינעם האַרץ פֿון גרויסן גאָרטן איז געווען פֿאַרשאָטן מיט אַראָפּגעפֿאַלענע בלעטער פֿון די קאַשטאַנביימער. זיַין האַרטער טראָט איבער דער אַלעע איז פֿאַרזונקען געוואָרן אינעם ווייכן, גאָלדיקן טעפּעך און געליַיטערט זיַין געמיט, ווי צו אַ פֿריידיקער באַגעגעניש.

אין סטאַוו איז געשווומען דער איינציקער שוואַן אין ווילנע. וויַיס ווי אַ כּלה-שלייער, דעם קאָפּ חנעוודיק פֿאַרבויגן אַ ביסל אין אַ זיַיט, כּדי בעסער צו זען ווער עס וואַרפֿט עס פֿאַר אים שטיקלעך חלה, האָט דער שוואַן צאַרט זיך געטראָגן איבער דעם קאַלטן וואַסער-שפּיגל, ביז ער איז צוגעשווומען נענטער צום ברעג.

דער שוסטער איז נאָך לאַנג געזעסן אויף דער באַנק לעבן סטאַוו און געקאָרמעט אַ באַשעפֿעניש, וואָס מען דאַרף עס ניט איבערמאַכן,

ווי אַ מינדסט פּעדערל איז ניט איבעריק, אַ באַשעפעניש אויסגע-
טאָקט און פאַררונדיקט מיט אַ סך געטלעך געדולד.

ער איז געזעסן און נאָכגעקוקט נאָך יעדער באַוועגונג פון דעם
שוואַן, וואָס האָט געשלונגען די שטיקלעך חלה און פון מאָל צו מאָל
זיך געלאָזן אין אַ רײַס איבערן סטאַוו, עלעהיי אַ שיף אַ בלאַנקע,
אָנגעלאָדן מיט פרענציקס אַ חלום, אַ חלום וועגן שיינקייט.

פרענציק האָט אויפגעהערט שלאָפן אין די קליידער. ער האָט
אָנגעהויבן קומען צוריק אין איצקעס קנײַפּע אויף אַ גלעזל בראַנפן.
קיין וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען האָט ער מער ניט געלייענט.

# שיבעלעס לאָטעריע־צעטל

נאָך דעם ווי זערדל איז אַוועק פון דער וועלט, איז זײַן שותּף, שיבעלע דער דיריגענט, געבליבן אָן פּרנסה. דער אָרקעסטער איז זיך צעפאַלן. אַזוי פלעגן זיי ביידע אַרומגיין איבער די הויפן און צוזאַמען אויפשטוקעווען דעם טאָג איבערקומעניש. זערדל האָט געשפּילט אויף אַ פידל אָן אַ דעק. שיבעלע האָט אים אַקאָמפּאַנירט אויף אַ קעמעלע, פאַרהילט אין אַ שטיקל זײַד-פּאַפּיר. דערבײַ האָט ער אויך צוגעדיריזשירט מיט דער לינקער האַנט. דערפאַר איז ער געבליבן אין ווילנע בײַם צונאָמען דיריגענט. געוואָרפן קליינע מט-בעות פון די פענצטער האָט מען זיי ניט צוליב דער מוזיק, נאָר אויף אָפּטשעפּען זיך. פון זערדלס פידל האָבן אַרויסגעשומעט אומעטיקע, צעצויגענע קלאַנגען, ווי פון טעלעגראַף-דראָטן. שיבעלע האָט זיך אויך ניט שטאַרק אויסגעצייכנט. וואָס ער האָט ניט געקאָנט אויס-בלאָזן מיט די גראָבע ליפּן, ווי אָנגעטרונקענע פּיאַווקעס, האָט ער צוגעזונגען. דערבײַ איז ער נאָך געווען אַ גרויסער פוילער. פלעגט ער אַ האַלבן ניגון אַראָפּשלינגען, מען זאָל ניט דאַרפן צופיל זיך אָנשטרענגען.

איצט איז זערדלס אינסטרומענט געהאַנגען אין אַ ווינקל בײַ שיינדלען אין טשײַנע, אויפן שול-הויף. שיינדל האָט ניט געלאָזן זיך צורירן צו אים. זאָל בלײַבן אַ שטיקל זכר נאָך זערדלען, האָט זי געזאָגט, און דערבײַ געווישט אַ טרער. אויפן שולהויף האָט מען גערעדט, אַז דאָס איז געווען אַן אַלטע ליבע. זינט שיינדלס מאַן איז אַרויס אָננעמען אַן עמער וואַסער פון פלומפּעלע אויף ראָג יידישע גאַס, און מער ניט צוריקגעקומען, איז זערדל געוואָרן בײַ איר אַן אַרײַנגייער. שיינדל האָט יאָרן באַדויערט ניט אַזוי דעם מאַן, דעם שיקסעניק, ווי דעם עמער. זערדל האָט זיך ווײַט ניט גערוקט. ער האָט ליב געהאַט פרײַהייט. צווישן אַלע גייער איבער די הויפן, וואָס

האָבן זיך געזאַמלט אין די אָוונטן בײַ שיינדלען אין טשײַנע, האָט זערדל שטענדיק באַקומען די שענסטע גלאָז טיי. אין זכות פון דעם שותּף פלעגט זי אויך שיבעלען אונטערטראָגן אַ בעסערן ביסן; אָבער זינט שיבעלע דער דיריגענט איז געבליבן אַליין, האָט שיינדל גע-וואָרפן אויף אים אַן אומחן. זי האָט געשיפּעט, אַז ער פאַרנעמט אַן אָרט נעבן טיש און קיין חיונה איז פון אים ניטאָ. וויפל וועט זי אים קאָרמענען אויף באָרג?

חוץ דעם וואָס שיבעלע איז געווען אַ פּוילער, איז ער אויך געווען אַ בעל־חלומות. ער האָט געקאָנט אָפּזיצן זומערדיקע אָוונטן אויף די טרעפּלעך פון דער קברנישער קלויז און חלומען וועגן גבירהשאַפט. שיבעלע האָט געחלומט צו האָבן אַ שטוב אין פּאָס-פּיעשק, ווו עס ענדיקט זיך די שטאָט, האַרט נעבן וואַלד. דאָרט זאָל ער קאָנען עסן אַלע טאָג סמעטענע מיט יונגע ראַדישקעלעך. ער וואָלט אײַנגעלאַדן אַלע אייגענע מענטשן און זאָל ניט שיינדל טאָן קיין טובות, ווײַל ניט נאָר האָט זי זיך געהאַט געטשעפּעט צו אים, נאָר די גאַנצע בראַנזשע איז איר מיאוס געוואָרן. פון אַלע דראָטן-גייער, קאַטאַרינשטשיקעס, אַקראָבאַטן און הויף-זינגער האָט שיינדל נאָר געהאַלטן פון זערדלען, ווײַל ער האָט זיך געהאַלטן ריין ווי אַ קאָץ און געוווּסט ווי צו עסן אַ קאָפּ פיש. און שיבעלע האָט ליב געהאַט די באָרוועסע באַנדע. ער איז געווען אַן עלנטער און דאָס איז געווען זײַן משפחה. טאָמער האָט ער איינמאָל געוואָלט זיך אײַננאַדזיען בײַ די בעטליירים, אויף שטיין יעדן דאָנערשטיק אין דער ריי בעתן אָפּנעמען דעם וואָכן-גראָשן אין פּראָבעס בעקערײַ, האָבן זיי אים אַרויסגעשטופּט מיט האַדקע רייד. אויף נעמען אַ נדבה האָט ער געהאַט צו רויטע באַקן. שיבעלע האָט געהאַט אַ טאַלאַנט צו עסן, הלוואי אויף דער מוזיק געזאָגט געוואָרן. דאָס האָט אויך געשטערט שיינדלען. וואָס די אויגן האָבן געזען, האָט ער אַלץ גע-וואָלט — אַ לאַדישאָק זויערמילך, נײַע קאַרטאָפל מיט בוריקלעך. אַ רעטשיסניק. אַלץ.

שיבעלע האָט שוין אַפילו געהאַט אויסגעקוקט אַזאַ שטוב. דאָס איז געווען אַ פאַרלאָזענע דאַטשע אין אָגינסקיס פּאַרק, אין

פּאָספּיעשק. ער מיט זערדלען האָבן אַ מאָל געפּרוּווט דאָרט זוכן מזל. זומער איז געווען, דאַטשניקעס האָבן זיך דאָרט אומגעדרייט, זײַנען זיי אויך געקומען. קײַן גליקן האָבן זיי דאָרט ניט געמאַכט, זײַנען זיי ביידע אַוועק צו דער ווילִיע אָפּקילן די פיס אין זײַנע וואַסערן. טראַמפּלענדיק אַזוי אַראָפּ באַרג צום טײַך, פאַרבײַ דער קרעניצע, האָט שיבעלע אַנטדעקט זײַן חלום. צווישן הויכן ווילד-גראָז, עטלעכע קראַנקע בוימער מיט לישײַעס אַנשטאָט קאָרע, איז געשטאַנען אַ הילצערן געבײַ מיט אָפענע טירן און אויסגעהאַקטע פענצטער. קיין גאַנצן גליד האָט די שטוב ניט געהאַט. אַזוי ווי די צײַט וואָלט ניט איר אַריבער, נאָר ממש געטראָטן אויף איר מיט שווערע, קאַשעלאַפּע פיס. די טרעפּלעך, די שויבן, אַפילו דער קוימען אויפן צעלעכערטן דאַך — אַלץ איז געווען צעהאַקט און צעבראָכן. דער אַלטער גראַף אַגינסקי האָט שוין לאַנג געהאַט אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט אויף זײַן מאַיאָנטעק. ניט ער האָט געהאַט כּוח, ניט קיין געלט אָפּצוהיטן דעם פּאַרק. האָט ער דאָס אַלץ איבער-געגעבן דעם גורל און די פּאָר דאַטשניקעס, וועלכע האָבן געדונגען אויף די זומער-מאָנאַטן די בעסערע הײַזער. שיבעלע מיט זערדלען זײַנען צום טײַך ניט דערגאַנגען. ביידע האָבן זיך אַראָפּגעזעצט אויף דעם איינציקן גאַנצן טרעפּל פון דער חורבה, אויסגעטאָן די סאָל-דאַטסקע שיך מיט די צעלעכערטע סקאַרפּעטן און געלאָזט אַ ווינטל קילן זייערע אָנגעטראָטענע פיס-זוילן. דאָ האָט שיבעלע, וואָס איז ניט געווען קיין גרויסער רעדנער, באַקומען לשון. צו דאָס אַרומיקע גרין, צו די שטילקייט, צו דער קאַלטער טרונק פון דער קרעניצע — ווײַזט אויס, אַז אַלץ צוזאַמען האָט אָנגעסטראָיעט שיבעלען אויף פילאָסאָפיע.

— זאָלסט וויסן זײַן, זערדל, אַז מען האַנדלט מיט טאַבאַק האָט מען אַ שמעק. מיט האָניק — האָט מען אַ לעק, און וואָס האָבן מיר ?...

זערדל האָט געוואָלט ענטפערן צום גראַם, אָבער ער איז אויך געווען איבערגענומען פון דאַטשנעם מעמד, פון פויגל-געטשוויט-שער, האָט ער ניט געוואָלט ריידן גראָבע רייד און בעסער געשוויגן.

אויסער דעם איז ער די לעצטע צײַט זייער אַראָפּ. ס׳האָט אים געפּײַפט אין די לונגען.

— זערדל, ווי לאַנג וועט מען זיך אַזוי שלאָנדערן? מען איז דאָך שוין ניט קיין ייִנגעלעך... אַרום און אַרום האָט מען ניט ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. שיינדל וויל שוין באַלד אויך ניט אַרײַנלאָזן אין טשײַנע. עס שטייט אַ חוב.

זערדל האָט אים באַרויקט:

— מיט שיינדלען וועט מען אַדורכקומען. הלוואַי אַזוי מיט מײַן זאַדישקע.

— אײַ, זערדל, ווען אונדז מאַכט זיך עפּעס... נו, ווען מיר זײַנען שטיקלעך גבירים, קויף איך אָפּ אָט די כאַטע, זעסט? איך פּראַווע איר אויס, האָסטו דאָ לופט אויף לופט. פון פאָרנט שטעל איך אַוועק אַ טיש פאַר אַלעמען. זאָלן שבת קומען אַלע גאַס־מענטשן אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

— ווי ווילסטו ווערן אַ גביר? פון אונדזער אָרקעסטער?

— איך מיין, ס׳זאָל אַרײַנפאַלן פון ערגעץ...

— דערווײַל איז נאָך הײַנט ניט אַרײַנגעפאַלן אויף אַ גלאָז טיי. באַלד דאַרף מען זיך שלעפּן צוריק אין שטאָט און די פיס ציען מיר, אונטערן לעפעלע דריקט מיך, אין קאָפּ זשומעט מיר, די קריזשעס ברעכן מיר און אַליין פיל איך זיך אויך ניט אַזוי גוט.

שיבעלע האָט זיך בעסער אײַנגעקוקט אינעם שותּף. יענער האָט טאַקע אויסגעזען אַ האַלבער. האָט ער וואָס גיכער געוואָלט זײַן צוריק מיט אים אין שטאָט, אויפן שולהויף. דאָרט, טאָמער וואָס ווען, איז דאָ צו וועמען צו שרײַען. שיבעלע האָט צוגעאײַלט זערדלען מיטן אָנטאָן צוריק די שיך און ביידע האָבן אַוועקגעשפּאַנט דורכן פאַרלאָזענעם פּאַרק מיט דעם באַשלוס זיך אָפּצורוען ניט פריער ווי אין מיטן וועג, בײַם אַנטאָקאָלער קלויסטער.

דעם לעצטן קאָנצערט צוזאַמען מיט זערדלען האָט שיבעלע געגעבן פאַר האַלבער נאַכט נעבן גרויסן שטאָט־זאַל. אין אָוונט איז דאָרט אויפגעטראָטן אַ פּיאַניסט פון אויסלאַנד. זיי זײַנען געשטאַנען אין אַ טונקעלן ווינקל בײַם אַרויסגאַנג מיט דער האָפענונג, אַז עמעץ

פֿון עולם וועט זיך אָפּרײַסן און צוואַרפֿן אַ פּאָר גראָשן. עמעץ האָט זיך טאַקע אָפּגעריסן, אָבער ניט פֿון עולם, נאָר דער פּיאַניסט אַליין. ער מיט זײַן באַגלייטער האָבן די לעצטע פֿאַרלאָזן דעם זאַל. דער פּיאַניסט האָט דערהערט די משונה-מאָדנע קלאַנגען, איז ער געבליבן שטיין אַ רגע אין גאַנצן צעטומלט. דערנאָך, אַז ער האָט אין די לעצטע ליכטער פֿון שטאָט-זאַל דערזען בעסער די פּאָר מוזיקער מיט זייערע כּלים, דער עיקר שיבעלעס מוזיק-אינסטרומענט, איז אים באַפֿאַלן אַ געלעכטער, ווי צען שדים וואָלטן אים געקיצלט מיט פֿלעדערווישן אונטער די פּאַכוועס. דער באַגלייטער האָט אים טרײַ צוגעהאָלפֿן לאַכן.ביידע האָבן זיך געטרייסלט, זיך געהאַלטן פֿאַר די בײַכער. ממש צעשמאָלצן געוואָרן פֿאַר נחת. שיבעלע מיט זער־דלען האָבן גענומען העכערע טענער, זיך געסטאַרעט צו געבן מוזיקאַלישע סחורה. דאָס מאָל האָט שיבעלע זיך ניט געפֿוילט, ניט געשלונגען קיין נאָטן, נאָר אויסגעזשומעט דעם גאַנצן מאַרש פֿון זעקסטן לעגיאָנען-פּאָלק. דאָס שטיקל זײַד-פּאַפּיר אויפֿן קעמעלע האָט זיך אָנגעבלאָזן ביז צום פּלאַצן.

גוט זיך אָנגעלאַכט, האָט דער פּיאַניסט אַרויסגענומען פֿון הויזן-טאַש אַ מטבע און איר אונטערגעטראָגן שיבעלען. דער באַגליי־טער איז אויך ניט אָפּגעשטאַנען. ער האָט געגעבן אַ מטבע זערדלען.

ערשט בײַ שיינדלען אין טשײַנע האָבן זיי זיך פֿאַרגונען אָנצו־קוקן זייער האָנאָראַר. ס'איז זיי ביידן וואַרעם געוואָרן אין די אויגן. שיבעלע האָט באַקומען אַ צענער זלאָטע. זערדל אַ פֿינפֿער. האָט זערדל באַצאָלט שיינדלען דעם חוב און ס'איז נאָך געבליבן רעשט אויף צוויי גלעזער טיי און קייזערקעס מיט וווּרשט. דעם צענער זלאָטע האָט שיבעלע אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש און זיך געשפּיגלט אין דעם מאָטן זילבער. עטלעכע מאָל האָט ער גוט אָנגעקוקט דעם שטרענגן מאַרשאַל פּילסודסקי, דעם בויער פֿון פּוילן, מיט די געדיכטע וואָנסן ביז איבערן מויל. דערנאָך האָט ער שטודירט די צווייטע זײַט מטבע מיט דעם אָדלער און די ציפֿער 10 אונטער די קרעלן פֿון זיינע צעשפּ־רייטע פֿיס. אין טשײַנע איז אויסער אים מיט זערדלען קיינער ניט געווען, האָט ער געקאָנט רויק זיצן און אָנפּרייען די אויגן מיט דעם

פּיאַניסטס גאָב. דעם גרעסטן שׂכר וואָס שיבעלע מיט זערדלען האָבן געקאָנט באַקומען אין ווילנע איז געווען צען גראָשן, און דאָס האָט מען אויך געדאַרפט וואַרטן אויף אַ סוחר פון ניט-היי. און פּלוצעם, אַזאַ פאַרמעגן. ביידע האָבן ניט געקאָנט קומען צו זיך. אַפילו זערדלען, וואָס די לעצטע צײַט זענען אים געוואָרן אַ סך זאַכן אַלץ איינס. ער האָט אויפגעהערט אַזוי קוקן אויף זיך און אָפּפּוצן די שיך. שײנדל האָט עס איבערגערעדט. אַפילו אים איז געווען איצט אַ שאָד אַוועקצוגיין פון טיש, ווו די מטבע איז געלעגן ברייט און פעט, ווי אַן אויג אין הינערשע יויך. שײנדל האָט זייביידן געדאַרפט אַרויסבעטן פון טשײַנע, ווײַל זי איז אויך אַ מענטש. זי דאַרף אויך אַ מאָל שלאָפן.

אינעם חושך, אויפן בוידעם איבער דער קהלשער באָד, ווו זיי האָבן געהאַט זייער חזקה אויף נאַכטלעגער, כאָטש ס׳זענען אויפן שולהויף געווען גרעסערע יחסנים, איז שיבעלע געלעגן מיט אָפענע אויגן און דער שטרוי-זאַק האָט אומרואיק געטרעשטשעט אונטער אים. ער האָט זיך געדרייט אויף אַלע זײַטן און ניט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. זערדל האָט זיך אָפּגערופן פון זײַן ווינקל:

— שיבעלע, וואָס הייבט דיר? קאָנסט זיך ניט אײַנלייגן?

שיבעלע האָט בלויז געוואַרט זערדל זאָל זאָגן אַ וואָרט, און ער, שיבעלע, זאָל זיך קאָנען אַראָפּריידן וואָס ער האָט אויפן האַרץ און אויפן זינען.

— פאַרשטייסט, זערדל? אַזאַ שאַנס איין מאָל אין לעבן. ער׳ט זיך אָפּגערופן מיט צען זלאָטעס... דאָס איז דאָך עפּעס...

— נו, זיכער. הלוואַי אַלע וואָך...

— יאָ, פּונקט בײַ די ווילנער געבער... אײַ, זערדל, זערדל... נאָר איך טראַכט עפּעס אַנדערש. דו ביסט דאָך אַ שותּף, דאַרף איך דיר פרעגן. ווייסט וואָס איך טראַכט?

— לאָמער הערן...

— איך טראַכט... די צען זלאָטעס וועלן דאָך אַוועקגיין. מ׳וועט זיך ניט אַרומזען. דו אַ טעלער טשאָלנט. איך צוויי, דרײַ מאָל קישקע.

דערנאָך וועט זיך וועלן אַ געפּילטער מילץ, אַ פּאָר געגדזענע לע-בערלעך, און אויס, פאַרטיק די פּאָר גילדן.

— איז וואָס ווילסטו, קויפן אַ מויער?

— אַ מויער ווי אַ מויער, נאָר אַ לאָטעריע-צעטל וואָלט איך יאָ געקויפט.

זערדל האָט זיך אַ הייב געטאָן פון געלעגער:

— אַ לאָטעריע-צעטל? מיט אונדזער מזל?

שיבעלע האָט זיך צערעדט ווי דאָן, ווען זיי זײַנען געזעסן אויף די טרעפּלעך פון דער חרובער דאַטשע אין אָגינסקיס פּאַרק:

— פאַרוואָס ניט? אָט זײַנען מיר אַוועק צום שטאָט-זאַל, און זעסט דאָך! אפשר האָט זיך דער מזל אויסגעדרייט אַ האָרעלע צו אונדז? ס'איז רעכט, אַז ער שטייט איצט, דער מזל, הינטער אונדז און כיכיקעט, ער וויל זען צו מיר וועלן האָבן שׂכל אים צו כאַפּן, אָדער מיר וועלן אים לאָזן אַנטלויפן.

זערדל האָט זיך געפּרוּווט חכמענען:

— אויב אונדזער מזל איז איצט אויפן בוידעם, קאָן ער טאַקע ניט אַנטלויפן. ער'ט אין דער פינצטער ברעכן הענט און פיס איבער די קראָקוועס. נאָר מיר דוכט זיך, אַז ער האָט אויסגעקליבן אַ שענערן נאַכטלעגער אין ווילנע.

— אײַ, זערדל, ביסט עפּעס ניט דער זעלבער. אַ מאָל האָסטו געהאַט מער בלוטן.

זערדל איז טאַקע ניט געווען דער זעלבער. ער איז געווען מיד. די שלאַפקייט האָט אים לעצטנס שטאַרק געמאַטערט. האָט ער זיך פעסטער אײַנגענורעט אין זײַן אויסגעריבענעם אַמעריקאַנער מאַנטל מיט די טיפע טאַשן, און זיך אָפּגערופן:

— ווילסט קויפן אַ לאָטעריע-צעטל? קויף.

מער האָט שיבעלע ניט געהערט פון זערדלען. דאָס איז גע-ווען זײַן לעצטער וואָרט. צוליב זייער אַ פשוטער סיבה. ער איז אויסגעגאַנגען.

אין דער פרי האָט שיבעלע אים געשטורכעט, אונטערגעטריבן אים אַרויסגיין אין גאַס. זערדל איז געלעגן אַן אײַנגעקאָרטשעטער

אונטער דעם געשאָנקענעם אַמעריקאַנער מאַנטל און זיך ניט גערירט. דער פידל, ווי אַ טרײַער הונט, איז געלעגן בײַ אים צופוסנס.



ווען שעסקין פון קאַנטאָר ווו מען בײַט געלט און מען פאַרקויפט לאָטעריע-צעטלען, האָט דערזען שיבעלען דעם דיריגענט בײַ זיך אין געשעפט, איז אים די ערשטע זאַך אײַנגעפאַלן הייסן דעם שיקיינגל אים אַרויסבעטן אין דרויסן, ווײַל דאָ איז ניט קײַן פּלאַץ פאַר קעמעלע-קאָנצערטן. שעסקין האָט געקענט שיבעלען מיט זערדלען פון זייערע געמיינזאַמע אויפטריטן אין די פּרימאַרגן-שעהען אויפן הויף פון קאָנטאָר; אָבער נאָך דעם ווי שיבעלע האָט אַרויסגעלייגט דעם ציל פון זײַן באַזוך, האָט שוין שעסקין אַליין ניט געוווּסט ווי צו האַנדלען. שיבעלע און אַ לאָטעריע-צעטל? דער קויפער איז געשטאַנען קעגנאיבער שעסקינען אין אַן אויסגעריבענעם רעקל, אַ צעריסן העמד, הויזן מיט ברינדזועס און שיך אָן אָפּצאַסן. דער הויכער, דאַרער שעסקין האָט זיך אָנגעבייגן צו שיבעלען, אים געפּאַרשט פון אַלע זייטן. דערנאָך האָט ער אים געפרעגט:

— ביסט זיכער, אַז די ווילסט קויפן אַ לאָטעריע-צעטל?

שיבעלע האָט זיך גערויטלט ווי אַ בתולה בײַם פרעגן איר צו זי וויל חתונה האָבן.

ער האָט אויסגעקרימט די אָנגעדראָלענע ליפּן אין אַ מין שמייכל און פאַרזיכערט:

— יאָ, יאָ... טאַקע אַ לאָטעריע-צעטל.

שעסקין האָט געהאַלטן פאַר זײַן חוב אים אָפּצורייד̇ן פון דער טראַנזאַקציע:

— צו וואָס טויג דיר אַ לאָטעריע-צעטל? קויף זיך בעסער אַ פּאָר הויזן, אַ נײַ העמד, וועסטו אויסזען מער מוזיקער...

שיבעלע האָט ניט נאָכגעלאָזט:

— פּאַניע שעסקין, זערדל האָט פּאַרן שטאַרבן געזאָגט — קויף. ער האָט ניט סתם גערעדט.

— זערדל האָט מן-הסתם געפילט, אַז אים איז שוין אַלץ איינס, האָט ער געזאָגט — קויף...

שיבעלע האָט דערווידערט:

— ניין, פּאַניע שעסקין, מיר האָבן נאָך פריער גערעדט וועגן דעם... דאָס הייסט, איך האָב אים אַמאָל אָנגעצויגן. טאַקע זומער... ער האָט געדאַרפט לופט...

שעסקין האָט געזען, אַז ער וועט דאָ ניט אַרויסקריכן, האָט ער זיך אָנגעהויבן חכמענען:

— און לאָמיר זאָגן — וועסט געווינען, וואָס וועסטו טאָן? פירן געשעפטן? געבן אויף פּראָצענט?

שיבעלע האָט זיך נאָך מער פאַררויטלט, ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. ענדלעך האָט ער אַרויסגעשטאַמלט:

— כ'האָב געזען אַ שטוב אין אָגינסקיס פּאַרק, אויף פּאָס-פיעשק... כ'וויל... נו... אַ נאַש בראַט זאָל אויך האָבן דאַטשע... און אַ מצבה פאַר זערדלען... נו, און הויזן, ווי איר זאָגט... און אפשר נאָך עפּעס...

— וואָס איז דער נאָך עפּעס?

— אַ שטיקל שידוך...

שעסקין האָט מער ניט גערעדט. ער האָט פאַרקויפט שיבעלען אַ לאָטעריע-צעטל. שיבעלע האָט אַרויסגעוויקלט פון אַ גענוצט שטיקל זייד-פּאַפּיר די צענער-מטבע און עס אַרויפגעלייגט מיט ציטעריקע פינגער אויף דער ליאַדע. ווען ער איז שוין געשטאַנען אויפן שוועל האָט אים שעסקין צוריקגערופן:

— לאָמיר פאַרשרייבן דעם נומער. טאָמער געווינסטו טאַקע, זאָל איך קאָנען דיר אָנזאָגן דער ערשטער, וועל איך כאָטש פאַר-דינען אַ מיצווה. יאָ, און טאָמער דאַרף מען דיר, ווו קאָן מען דיר געפינען?

— אויף די טרעפּלעך פון דער קברנישער קלויז. צום בעסטן איז ביי שיינדלען אין טשייניע. אַלץ אויפן שול-הויף.

שעסקין האָט פאַרשריבן דעם נומער. שיבעלע האָט פּאַררוקט דעם לאָטעריע-צעטל טיף אין בוזעם-קעשענע פונעם רעקל, און אַרויס אַ צעהיצטער פון קאַנטאָר. אויף די טרעפּ האָט ער געטאַפּט דעם לאָטעריע-צעטל דורכן אונטערשלאַק, וואָס האָט געדענקט בעסערע יאָרן, ווען דאָס איז געווען שטאַרקע, טונקל-גרויע אַלפּאַגע און ניט קיין געוועב וואָס אָט, אָט צעשיט עס זיך. שיבעלע האָט אַרײַנגעלייגט זײַן גאַנצן בטחון אין אָט דאָס פּירקאַנטיקע שטיקל פּאַפּיר מיט דעם קאָלירטן הערבֿ און אַ נומער אונטן און אויבן. האָט ער פאַרחתמעט די בוזעם-קעשענע מיט אַ גרויסער זיכער-נאָדל און אַוועק געבן אַ סאָלאָ-קאָנצערט נעבן וועלפקעס רעסטאָראַן, אויף יידישע גאַס. אויפן וועג, אָנגעהויבן פון ראָג רודניצקער און דײַטשע גאַס, ווו ס'האָט זיך געפונען שעסקינס קאַנטאָר, האָט אים אַלע ווײַלע פאַרטשעפּעט אַן אַנדער כויכע, פון די לײַט, די בייזע לצים, וואָס שלעפּן קונדן צו די טאַנדעט-קראָמען. שיבעלע האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. ער האָט מורא-געהאַט, אַז זיי וועלן אים אָנהייבן אָנציען, ער וועט זיך אויסריידן, און זיי וועלן נאָך אויסנאַרן פון אים דעם צעטל. די בויכעס האָבן געקאָנט איבעררײידן אַ פויער ער זאָל קויפן אַ קראַוואַט צו די לאַפּטשעס. איז ער וואָס גיכער אַוועק פון דער גאַס, ווו ניט-געביפטע קאָנען אַזוי לײַכט געשטרויכלט ווערן.



דער זומער האָט ארודעוועט אויפן שולהויף. צו ערשט האָט ער צעבלאָזן מיט זײַן הייסן אָטעם די גרינע, שווערע צווײַגן אויפן איינציקן בוים אין גאַנצן הויף. די בלעטער האָבן געפּירכעט, געלעגן פאַרחלשט און געבענקט נאָך רעגן. אַ פאַריתומטע שיימע איז געלעגן אין אַ ווינקל הויף, אויפגעדרייט פון היץ און געוואַרט עמעץ זאָל איר אַרײַנוואַרפן אין קילן קאַסטן, ווו מען זאַמלט פּסולע מחזורים אָדער צעפאַלענע משניותן. די זון האָט געברענט ווי פרײַטיק דער טשאָלנט אין אויוון בײַ פראָבען דעם בעקער. די חמימה האָט געטריבן אַלעמען זיך שאַרן בײַ די ווענט, כאַפּן דאָרט אַ שטיקל שאָטן.

בלויז שיבעלע האָט הנאָה געהאַט פון דעם געפּרעגל. ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף די טרעפּלעך פון דער קבֿרנישער קלויז און געוואַרעמט די גלידער נאָך אַ נאַכט שלאָפן אויפן פּײַכטן, טונקעלן בוידעם. דאָס רעקל האָט ער אַוועקגעלייגט נעבן זיך, פאַרקאַשערט די רעשטלעך מאַנזשעטן פון העמד איבער די עלנבויגנס, און מיט דעם קאַרטוזל איבער די אויגן האָט ער זיך אויסגעצויגן אויפן אונטערשטן טרעפּל פון קלויז, ווי דאָס וואָלט געווען דער אייבערשטער פּאָל אין דער קהלשער באָד.

שיבעלע האָט אין האַלב-דרימל געזען שטיקעלעך פון זײַן חלום, דעם חלום וועגן געווינס. ער האָט גאָר אַנדערש ניט געטראַכט, אַז זײַן נומער וועט אַרויס. אפשר ניט דאָס גרויסע געווינס, אָבער אַזוי פיל ס׳זאָל קלעקן אויף דער שטוב אין פּאָספּיעשק, אויף אַ מצבה פאַר זערדלען, אויף נײַע הויזן און אויפן שטיקל שידוך. זערדל האָט קיין מאָל סתם ניט גערעדט. אָט האָט ער געטעהנעט די לעצטע צײַט, אַז ער גייט אויס. קיינער האָט אים ניט געגלייבט. אַפילו ניט אין משמרת חולים. דער דאָקטער דאָרט, אַ נײַער, ווייניק אײַנגעאַרבעט, האָט געזאָגט, אַז דאָס איז גאָר ניט און אים פאַרשריבן ביטער-זאַלץ. האָט זערדל אַלעמען באַוויזן, אַז ער איז געווען גערעכט און אַוועקגעשטאָרבן. דאָס זעלבע וועט זײַן מיטן הייסן קויפן. זערדל וועט ווידער זײַן גערעכט. ווײַטער, וועגן שטיקל שידוך. שיינדל איז דאָך איצט אין גאַנצן פרײַ. אַ חוץ די פּאָר טרערן נאָך זערדלען און זײַן פידל מיטן בראַק איז איר גאָר ניט איבערגעבליבן. מיט געלט וועט ער קאָנען צוקומען צו איר. זי וועט גיין מיט אים קײַן פּאָספּיעשק און איבערלאָזן די טשײַנע מיט די טאַראַקאַנעס. ס׳אַרט אים ניט, אַז זי וועט דאָרט אין פּאָדערצימער מאַכן אַ בירעלע פאַר געמיינערע דאַטשניקעס, וואָס קומען אין די שבתים מיט אייגענעם כאַרץ זיך באָדן אין דער ווילִיע.

פון איין גוטן חלום צום אַנדערן איז שיבעלע אײַנגעשלאָפן.

וועגן ניט דער שליח פון שעסקינס קאָנטאָר וואָלט שיבעלע אַזוי געשלאָפן ביז נאָך מנחה: יענער, אָבער, האָט אים אַזוי לאַנג געטאָרעט, ביז ער האָט געמוזט האַלב אויפמאַכן די אויגן. דאָס האָט

שעסקין געשיקט רופן שיבעלען וואָס גיבער אין קאָנטאָר. אַ מזל, אַז מען האָט אים לאַנג ניט געדאַרפט זוכן. ער איז געלעגן אויפן ריק-טיקן אַדרעס.

שיבעלע האָט צווישן איין גענעץ און דעם אַנדערן געפרעגט וואָס דאַרף אים דער באַלעבאָס.

דער בחורל וואָס אָט, אָט דאַרף זיך אים בײַטן די שטימע, האָט אויסגעפּישטשעט:

— מען רעדט אין קאָנטאָר, אַז איר האָט געוווּנען געלט...

דער שלאָף איז ווי אַ צעפּלאָשעטער פויגל אַנטלאָפן פון שי-בעלעס אויגן. שוין איז ער געווען אויף די פיס. ער האָט געוואָלט נעמען דעם רעקל און זיך לאָזן הענדום-פּענדום אין וועג צו זײַן גליק, אָבער זײַן בגד איז ניט געווען נעבן אים. שיבעלע האָט זיך אָנגעהויבן דרייען אין אַלע זײַטן. ער האָט געהיפּערט פון איין טרעפּל צום אַנדערן. דער נאָך איז ער אַרײַנגעפאַלן אין פּאָליש און פון פּאָליש אין קלויז. ער איז צוגעשפּרונגען צום בעלעמער, אַרונטער-געקוקט אונטערן האָנט-פּאָס, אונטערגעהויבן דעם פּרוכת, דעם קאַלטן אויוון געעפנט. שיבעלע האָט איבערגעבויגן יעדן שטענדער, גערוקט אַ האַנט הינטער דעם אָרון קודש. דער רעקל איז ניט געווען. און ער האָט געמיינט, אַז עמיץ פון די תהילים-זאָגער האָט געמאַכט אַ חכמה און באַהאַלטן זײַן אַנטועכץ ערגעץ אין קלויז אויף מאַכן פריילעך דאָס ביסל ליידיק-גייערס. שיבעלע איז אַרויסגעלאָפן אויפן שול-הויף, אַרײַנגעקוקט אין יעדער שפּאַרונע, געזוכט אין קאַסטן פון די שמות. דאָס רעקל איז פאַרשווּנדן געוואָרן ווי אַ לעצטער וואָלקנדל אויפן הימל און איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ שטיק הײַטערן בלוי, וואָס אין שיבעלעס אויגן האָט עס גאָר איצט אויסגעזען טרויע-ריק און שוואַרץ. ער האָט זיך צוריקגעקערט צו דער קלויז, אַרײַן אין פּאָליש. זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט אין דער קונע, אַן אַרײַנגעשמידטע אין וואַנט, און זיך פונאַנדערגעכליפּעט אויפן קול. ווער ס'איז נאָר געווען אויפן שולהויף, איז געקומען צו לויפן. שיבעלע האָט געהעשעט ווי אַ קליין קינד, און ווי אַ קליין קינד פאַר דער מאַמען, האָט ער דורך טרערן אויסגעאיקעט זײַן אַבידע.

אַזוי האָט מען אין אַלע גאַסן, פון גיטקע טויבעס זאַוואָלעק ביז צום האַלץ-מאַרק, זיך דערוווּסט וועגן שיבעלעס אַבדה.

ביי שיינדלען אין טשײַנע האָט זיך געקאָכט. מען האָט ניט געקאָנט פאַרדייען שיבעלעס עוולה. אַזוי האָט ער קיין גוטן וואָרט ניט געהערט וועגן זיך. מיט אַזאַ געזונטער צורה, האָט מען אים תמיד פאָרגעוואָרפן, דאַרף מען שטופּן אַ האַנט-וועגעלע און ניט שפּילן אויף אַ קעמעלע ווי אַ מאַלאַנכאָלנער. ווען זערדל איז געווען שותף צום אָרקעסטער האָט מען די קאָנצערטן ווי עס איז אַראָפּ-געשלונגען, אָבער אַליין האָט מען אים אין גאַנצן מבטל געמאַכט. איצט אָבער, אַז ס'איז אים געשען דאָס אומגליק, ס'האָט ווער צו-געשלעפּט זײַן רעקל מיט דעם לאָטעריע-צעטל, האָבן אַלע אָנגע-הויבן אײַקען און קרעכצן איבער אים. אפילו שיינדל אַליין. זי האָט געזאָגט, אַז צום גנב האָט זי גאָרניט. זאָל ער האַלטן אין איין וואַקסן און קוועלן, מער ניט די הענט זאָלן אים אײַנדאַרן ווי שפּענדלעך.

דער קלאַנג וועגן דער אַבדה איז דערגאַנגען ביז צו אַוורעמקע דער אַנאַרכיסט, דעם וויכטיקסטן סוחר אויפן דורכהויף. ער האָט זיך ניט געפּוילט און אַוועק צו שעסקינען פרעגן וואָס מען קאָן מאַכן פאַר שיבעלען. שעסקין האָט געהויבן די אַקסלען. מען האָט גאָרניט געקאָנט מאַכן. שיבעלעס נומער האָט געווונען אַ גרויסע סומע. אָן דעם צעטל קאָן ער ניט קריגן קיין גראָשן. ער, שעסקין, האָט שוין אָביאַווועט אַלע אַגענטורן אין ווילנע מען זאָל ניט אויסצאָלן אויף דעם נומער קיינע געלטער. אויך אין דער צענטראַלע, אין וואַרשע, האָט ער געמאָלדן וועגן דעם פאַרלוירענעם לאָטעריע-צעטל; אָבער פון דעם אַלעם וועט שיבעלע ניט געהאָלפן ווערן. בעסער וואָלט געווען מען זאָל געפינען דעם צעטל, און דאָס וואָס גיכער. זײַנע דערקלערונגען האָט שעסקין געענדיקט מיט אַ דעקלאַראַציע, אַז שנאָראַנטן, שלעפּוירים, באַרוועסע האָלעדראַנצעס דאַרפן ניט פאַר-זוכן דעם טעם פון געלט, ווײַל זיי ווייסן ניט ווי דאָס צו שאַצן. שעסקין איז געווען אַש להבה אויף שיבעלען. ער האָט געפּלאָנעוועט שרײַבן אַ קאָרעספּאָנדענציע אין „ווילנער טאָג" וועגן דעם גרויסן געווינס, וועגן דעם געווינער. שעסקין האָט שוין געהאַט אָפּגערעדט

מיט זאַלקינדן דעם פאָטאָגראַף יענער זאָל קומען פאַראייביקן דעם מעמד, ווי ער, שעסקין, גיט איבער שיבעלען דאָס געווינס אין דער אַנוועזנהייט פון אַלע פּני העיר. ס'וואָלט געווען אַ רעקלאַמע פאַרן קאָנטאָר אויף גאַנץ שטאָט. האָט שיבעלע אַלץ קאַליע געמאַכט. זיך אָוועקגעלייגט ווי אַ פאַדלע אין מיטן שולהויף מיטן רעקל בײַם זײַט, אָנשטאָט אים צו פאַרקוועטשן צווישן די פיס, מען זאָל אים ניט קאָנען גנבֿענען. אַוורעמקע דער אַנאַרכיסט האָט פאַרטיידיקט שיבע-לען — ווי האָט ער זיך געקאָנט ריכטן, אַז עמעץ וועט זיך קוואַפּענען אויף זײַן טראַנטע? און ס'איז טאַקע געווען אַ טראַנטע. דער שטײַף-לײַוונט שוין לאַנג אַרויסגעריסן, דער אונטערשלאַק גוט צעברינדזעט. פון אַלע קנעפּ איז איינס בלויז געהאַנגען אויף אַ פאָדעם. די עלנ-בויגנס אויסגעריבן ביזן גרונט. דער גאַנצער בגד האָט זיך שוין באַלד געדאַרפט צעשיטן אויף פראָך, האָט מען אים צוגעשלעפּט.

דאָס רעקל האָט מען ניט געפונען. אַוורעמקע דער אַנאַרכיסט האָט באַפוילן אַלע סוחרים אויפן דורכהויף איבערקוקן די סחורה, אפשר האָט ווער פאַרזען אַן אײַנקויף פון שיבעלעס רעקל. דער-עיקרשט האָט ער זיך אָנגעזעצט אויף איטשען, וואָס פלעגט צושטעלן שמאַטעס פאַר דער אַלקעניקער פאַפּיר-פאַבריק. יענער האָט געמוזט אַרויסלייגן אויפן דורכהויף אַלע פעק. מען האָט ניט געקאָנט דורכ-גיין דעם הויף. די שכנים האָבן זיך געוואָרפן און געשלײַדערט, אָבער געהאָלפן בײַם איבערקלײַבן יעדעס רעשטל באַזונדער. שיבעלע איז געשטאַנען בײַם זײַט און מיט אַ מינע פון ציין-ווייטאָג געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, בעתן רוקן אים אונטערן נאָז שטיקער מאַרי-נאַרקעס פון אַלע קאָלירן און אַלע מאַסטן.



יאָרן זײַנען אַוועק. בײַ שיבעלען האָבן שוין לאַנג געפעלט די פאָדערשטע ציין. ער האָט ניט געקאָנט שפּילן. צווייטנס איז זײַן קאָפּ געווען בײַם פאַרלאַרענעם לאָטעריע-צעטל. ער האָט ניט גע-קאָנט צו זיך קומען פון דעם אומגליק. אָט האָט ער דאָס גאַנצע מזל געהאַט אין בוזעם-קעשענע, איז עס פאַרפלויגן פון אונטער די

הענט. איז ער געזעסן אויף די טרעפּלעך פון קלויז און געוואַרט דיי שמשטע זאָל אים אַרויסטראָגן אַ טעלער געקעכטס. פון צײַט צו צײַט פלעגט ער זיך אַוועקשלעפּן אויפן זאַרעטשער בית-עולם, פאַר-ברענגען אַ ביסל בײַ זערדלס קבר מיט אַ בלעכן שילדל אַנשטאָט אַ מצבה. דאָרט האָט ער זיך דערלויבט אויסוויינען די עוולה, וואָס דער ביטערער גורל האָט אים אָפּגעטאָן:

— האָסט דאָך אַליין געזאָגט, קויף!.. און איך האָב דיר געוואָלט אַוועקשטעלן אַ שטיין מיט אויסגעקריצטע פייגעלעך און אַן אײַ-זערנע קייט אַרום... איז דאָס אַלץ אַוועק אין דר׳ערד אַרײַן — מײַן רעקל מיט דעם צעטל...

שיבעלע האָט אַליין ניט געוווּסט, ווי דאָס איז אמת געווען. זײַן רעקל מיטן לאָטעריע-צעטל איז טאַקע אַוועק אין דר׳ערד אַרײַן, אַזוי ווי זערדל וואָלט ניט געהאַט פאַרגונען זײַן שותף צום אָרקעס-טער זײַן אַליין אַ גביר, און פאַרשלעפּט דאָס געווינס דורך וועגן, אומוועגן, נאָענטער צו איר, צו די ערדישע ספערן.

גרויש דער בעטשקאָוויק האָט אַ מאָל אין אַ שיכורער מינוט דערציילט זײַנע קומפּלס נעבן ראַטוש די עוולה, וואָס ער האָט מיט יאָרן צוריק אָפּגעטאָן דעם טאַטן. יענער האָט אים איבערגעלאָזט בירושה די בעטשקע צוזאַמען מיט דער חזקה צו רייניקן דעם קהלשן אָפּטרעט אויפן שולהויף. ווען דער טאַטע איז געלעגן אויפן קאַטאַ-פאַלק מיט פאַרגלעטע וואָנסן גרייט אויף צו באַגראָבן אים, האָט מען זיך געכאַפּט, אַז ער האָט ניט קיין רעקל. דער טאַטע איז אַ גאַנץ לעבן געגאַנגען אין אַ פּאָר הויזן מיט אַ קאָזשוך — זומער און ווינ-טער. דער גלח האָט געזאָגט, אַז אַ בר-מינן אין אַ קאָזשוך איז עפּעס ניט אַזוי.

צווייטנס איז פון קאָזשוך געגאַנגען אַן אָוועך, ניט אויסצו-האַלטן. איז ער אַוועק פון אַרויף נאָווע-סטראַיקע, ווו זיי האָבן געוווינט, אײַנהאַנדלען אַ רעקל אויפן דורכהויף. אַ פּאָר טעקטורענע טופל, אָפּגעשמירט אויף שוואַרץ, האָט אים צוגעגעבן דער טרומנע-מאַכער. האָט אים בלויז געפעלט דער אויבער-בגד. גרויש האָט זיך געוואָלט פאַרקירצן דעם וועג, איז ער אַדורך דעם שול-הויף,

אַנשטאָט צו גיין לענגאויס יידישע גאַס. אויף די טרעפּלעך פון אַ באַזשניצע האָט ער דערזען ליגן אַ רעקל. ער האָט זיך גוט אַרומ-געקוקט. דער הויף איז געווען ליידיק. צוליב דער היץ. בלויז איין שנאָרער איז געשלאָפן אונטער דער זון. האָט ער געכאַפּט דאָס רעקל, אַריינגעוואָרפן אין זאַק און פאַר דעם אָפּגעשפּאָרטן געלט זיך שטאַרק אָנגעטרונקען ביי איצקע דעם רעטשיסניק אין קניפּע. ס'איז שוין געווען באַלד נאַכט ווען ער האָט זיך דערשלעפּט צוריק אין כאַטע. גוט שיכור, האָט ער ווי עס איז אונטערגעהויבן דעם טאַטן און אַרויפגעצויגן אויף אים דעם רעקל. אין דער פרי זיינען געקומען אַלע קומעס, האָבן זיי געזאָגט, אַז דער טאַטע זעט אויס ווי אַן אמתער כראַביע, און שענער ווי ער גייט אין דר'ערד אין גאָר נישטאָ. איצט, אויף דער עלטער, קומט אים דער טאַטע צו חלום מיט טענות, הלמאַי ער האָט אים באַגראָבן אין אַ געגנבעטן בגד, און ניט קיין געקויפטן, ווי עס פירט זיך.



שיבעלע האָט זיך קיין מאָל ניט דערוווּסט וועגן גורל פון זיין רעקל מיט דעם לאָטעריע-צעטל אין בוזעם-טאַש. גרוש איז געוואָרן בלינד פון טרינקען פּאָליטור, ספּירט געמישט מיט שעלאַק צו פּוצן מעבל. אויף ריינעם בראָנפן האָט אים אויף דער עלטער ניט גע-קלעקט. די בעטשקע מיטן פּעדך האָט ער שוין לאַנג געהאַט פאַר-קויפט. מען האָט אים מער ניט געזען אויפן שולהויף. אויפן שולהויף האָט מען בלויז געזען שיבעלען. ער איז דאָרט געזעסן אויף די טרעפּלעך פון דער קברנישער קלויז, געברומט דורך דעם פּוסטן חלל פון די פּעלנדיקעציין דעם מאַרש פון זעקסטן לעגיאָנען-פּאָלק, און געוואַרט די קינדער פון יידישע גאַס זאָלן קומען און פאַרביי-מאַרשירן מיט אַ הויצרעיי און געלעכטער. אין אַ שיינעם טאָג איז ער אויך פאַרשווונדן געוואָרן. אין פּאָליש האָט מען געפונען אַ שיטערע קעמל, איינגעוויקלט אין זייד-פּאַפּיר. איינער פון די תהילים-יידן האָט עס אָוועקגעלייגט נעבן כיור, אפשר וועט שיבעלע זיך

דערמאָנעןן און קומען אָפּנעמען זײַן מוזיק-אינסטרומענט. דאָס איז אַזוי לאַנג געלעגן ביז מען האָט עס אַרויסגעוואָרפן אין מיסט.

פון שיבעלען איז קיין זכר ניט געבליבן. נײַע מוזיקער זײַנען אויפגעקומען אויפן שול-הויף. אין קאַלטע נעכט, בײַם אויוון אין קלויז פלעגט מען אַ מאָל דערמאָנען שיבעלען. אַלטע באַגרעבער האָבן געהאַלטן, אַז שיבעלע האָט נאָך געקאָנט שפּילן און שפּילן, ווען ניט דער פאַרלאָרענער לאָטעריע-צעטל, וואָס האָט אים אין גאַנצן צעדרומשקעט, אַראָפּגעפירט פון טאָן. ס'האָט זיך אים גע-וואָלט ווערן אַ גביר, אין דער צײַט ווען אַן אָרעמאַן און אַ קראַנקן טאָר זיך ניט װעלן. די לײַט דאַרפן ליגן אײַנגעלייגט. אַנדערע האָבן דערוווידערט — אָט האָט דאָך שיבעלע יאָ געקאָנט אויפגעריכט ווערן...

שיבעלע איז ניטאָ. בלויז זײַן חלום וועגן עשירות שפּרינגט אַרײַן פון מאָל צו מאָל אין אַן אַנדער קלויז אויפן שולהויף.

# שנייקע דער פידלער

שנייקע האָט געהאַט זייער אַ שלעכטן טאָג. באַלד אין דער פרי האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט בײַ שטראַלס קאַפע אויף זאַמקאָווע־גאַס שפּילן פידל, איז אַרויס אַ שלאַקסרעגן גאָרניט ווי ערב שבועות. ווען ער איז געגאַנגען דורך דער גאַס געבן קאָנצערט, האָט אים באַגלייט אַ זון, צעשמייכלט ווי אַ זוויגקינד נאָך דער ערשטער פּאָרציע מאַמעס מילך. האָט גאָר אַנדערש שנייקע ניט געטראַכט, אַז ער וועט בײַ שטראַלס קאַפע, ווו עס קומען בעסערע מענטשן טרינקען טיי און לייענען אויסלענדישע צײַטונגען, כאַפּן אַ פּאָר זלאָטעס, וואָס זאָל אים קלעקן אויף אַ האַלבן טאָג בראָנפן. אָן בראָנפן קאָן שנייקע ניט שפּילן.

בײַ זאַמעלען אין טשײַנע, אויפן שולהויף, האָט מען דערציילט, אַז דאָס איז אים געקומען פון אַ חלום. טשוראַשקע, וואָס מען האָט אים אין ווילנע גערופן „דער אָרקעסטער אויף רעדלעך״, ווײַל ער האָט אין אַ קינדער־וועגעלע אַרײַנגעטאָן אַ קעסלפּויק, ס'זאָל אים לײַכטער זײַן צו גיין פון הויף צו הויף, האָט זיך געשוואָרן, אַז ער ווייס די מעשׂה וועגן שנייקען מיט אַלע האָט־שיקעס:

שנייקע האָט אַ מאָל געשפּילט אין אַ גאָר גרויסן טעאַטער. געזעסן אויפן ערשטן פּולט. האָט אים אַ גראַפיניע פאַרבעטן אויף אַ באַל. שנייקע האָט דאָרטן געגעבן אויף זײַן פידל אַזעלכע שטיקלעך, אַז די גראַפיניע האָט ניט געוווּסט ווי זיך צו לייגן פאַר אים: פיש און פלייש און מעדאַלן. וואָס נאָך ער האָט אַרויסגערעדט פון מויל. בקיצור, ער איז געוואָרן אַן אײַנגייער בײַ אָט דער גראַפיניע. יענע האָט אים געקויפט אַ פּאָר זאַמשענע שטעקשיך מיט אַ ראַצימאָרענעם מאָרגנראָק. פון שווילטאָג האָט ער שוין באַלד פאַרוואָרפן די פידל, בלויז פאַר דער גראַפיניע אַ קראַץ אין

דער פרי, און אין אָוונט אַ פּאָר טענער פאַר די געסט. פון טרינקען האָט בײַ אים אָנגעהויבן ציטערן אַ פינגער. איין מאָל איז געווען אַ גרויסע הוליאַנקע אין פּאַלאַץ, מיט גענדז און מיט הינער און מיט אַלע גוטיקייטן. בראַנפן האָט זיך געגאָסן ווי פון צעבערס. נאָך האַלבער נאַכט איז שנייקע אַוועקגעפאַלן ווי אַ בוים אונטערן זעג. איז אים געקומען צו חלום זײַן טאַטע, איטשע דער טראָמפּיי־טער, און אים געזאָגט בזה הלשון: שנייקע, לאַבושניק, אַ בראָך איז צו דײַן טאַטן אין גן־עדן. איך זע דאָך אַז דו האַלטסט שוין באַלד בײַם שמד. האָסט זיך פאַרטשעפּעט מיט עפּעס אַ גראַפיניע, פּײַפּעלעך זאָלן איר שפּילן אין האַלדז. איך האָב דיך אויסגעהאָדעוועט פאַר אַ פּאָלנעם כּלי־זמר און זע וואָס פון דיר איז געוואָרן. איז כּדי דו זאָלסט וויסן, אַז מוזיקע איז ניט הפקר, שטעל איך איבער די דושקע פון דײַן פידל אין האָצע־פּלאָצע און בײַ איטלעכן פיר פונעם סמיטשיק וועט די פידל דײַנע שלוקערצן ווי נאָכן עסן האַרטע באָב. אַז שנייקע האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער אַרײַנגעקוקט דורכן שפּאַלט פון דער פידל אין צווישנדעק און ס׳איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן. די דושקע, דאָס הייסט דאָס העלצל וואָס שפּאַרט אונטערביידע דעקן פון פידל, דעם אייבערשטן און דעם אונטערשטן, שטייט קרום. ווייס מען דאָך, אַז אַ פידל ווו די דושקע שטייט ניט אויפן ריכטיקן אָרט, איז נאָר נעמען און צעשפּאַלטן זי אויף קינעלער. דערפאַר הייסט עס דאָך דושקע, די נשמה פון אינסטרומענט. שנייקע האָט געפּרוּווט שפּילן, איז געווען ווי דער טאַטע האָט געזאָגט — זי האָט געשלוקערצט. געלט האָט שנייקע דעמאָלט געהאַט ביז נײַע, איז ער געלאָפן צו די גרעסטע מײַסטערס אײַנשטעלן די דושקע, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. טאָמער האָט ער געקויפט אַ נײַע פידל, האָט די דושקע אויך דאָרטן זיך אויסגע־קרימט. אַזוי האָט אים זײַן טאַטע פאַרשאָלטן, ווײַל ער האָט פאַרשעמט דעם פּאַר און אַוועק זיך באַדזאַיען מיט אַ גראַפיניע. פון צרות האָט שנייקע אויפגעהערט טרינקען וואַסער און ביז הײַנט שפּילט ער אויף אַ טויטער פידל — אַזוי האָט דערציילט טשוראַשקע.

טשוראַשקע האָט אַ ביסל מגזים געווען. שנייקעס פידל איז ניט

געוועזן טויט. דאָס זײַנען זײַנע פֿינגער געווען שלאַבעריק. מיט מאַטערניש האָט ער געקאָנט אַרויסדאַבווען דעם וואַלס „אויפֿן בלויען דונײַ" און נאָך עפּעס אַ טובערקולאָזע מאַזורקע. טאָמער האָט שנייקע געפּרוּווט אַ חסידישן וואַלעבל, האָט זיך עס געראַטשעט פֿון די סטרונעס ווי אַן אַלטע שקאַפֿע אַראָפּ באַרג.



פֿון וואַנעט שנייקע האָט זיך געיאַוועט האָט קיינער ניט געוווּסט.

די משרתים אין די טאַנדעטן, וואָס אין שטאָט האָט מען זיי גערופֿן כאַיכעס, זײַנען אַ מאָל אַרויס אין דער פֿרי צו זייער מלאָכה — פֿאַרמאַניען די פּויערים אין די קראָמען, יענע זאָלן דאָרטן אײַנהאַנדלען בגדים — האָבן זיי אַנשטאָט זיך אָפּלייגן אויף דער פּרנסה, גאָר געמאַכט אַ רעדל אַרום שנייקען וואָס האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין אַ טעלעגראַפֿן-סלופּ, גרייט צו געבן מוזיק. הירשל דער בעזאָוור, פֿון די גלאַוונע כאַיכעס, האָט אויפֿן אָרט באַשטעלט בײַ שנייקען דעם טאַנגאָ „מײַן שוואַרצע קאַץ". שמולקע דער לאַנגאַץ האָט זיך אײַנגעעקשנט: נאָר אַ ציגײַנעריש מעלאָדיעלע. ס'איז געוואָרן אַן אַמפּערײַ און וועגן שנייקען האָט מען גאָר פֿאַרגעסן. האָט ער אַראָפּגעלאָזן דעם סמיטשיק און זיך פֿאַרקערעוועט צום שולהויף. די כאַיכעס האָבן אים נאָכגעשריִען: גרויסער שׂררה, קום צוריק! מ'וועט דורכקומען! אָבער שנייקע איז אַ שטאָלצער אַוועק דורכן אײַזערנעם טויער וואָס פֿירט פֿון ייִדישע-גאַס צום שולהויף.

מער איז ער ניט געגאַנגען אויף יענער גאַס, צו פֿאַרדינען זײַן גלעזל.

דער פֿידלער האָט זיך אָנגעצייכנט גאָר אַן אַנדער מאַרשרוט. דעם טאָג האָט ער אָנגעהויבן פֿון שטראַלס קאַפֿע. דערנאָך — פֿאַרן אַרײַנגאַנג אין בונימאָוויטשעס באַנק, אויף ברייטע-גאַס. פֿון דאָרטן האָט ער אָפּגעשטאַט אַ וויזיט צו טישקעוויטשעס באַלוואַנעס, ווי מען האָט אין שטאָט גערופֿן די צוויי שטיינערנע ריזן וואָס האָבן געטראָגן אויף זייערע קעפּ דעם באַלקאָן פֿון גראַף טישקעוויטשעס פּאַלאַ-

זענעם פּאַלאַץ אויף טראָקער-גאַס. אַלץ חשובע פּלעצער. די אָוונטן פּלעגט שנייקע פאַרברענגען אין זאמעלעס טשײַנע. גאָר שפּעט אין דער נאַכט האָט מען אים געקאָנט זען ווי ער וואַקלט זיך פון איין טראָט צום אַנדערן מיט דער פידל אונטערן אָרעם, אויפן וועג צו זײַן קאַמער אין די ביליקע הײַזער אויף סובאָטש-גאַס, ווו עס האָבן געוווינט מוזיקאַנטן און אַנדערע קינסטלערס בײַ וועמען ס׳איז געווען שטאַרק ענג מיט דירה-געלט.

ווען ניט דער בראַנפן, וואָלט שנייקע געקאָנט זײַן אַ גאַנצער מענטש. ער האָט אָבער געוואָרפן אין זיך די גלעזלעך בראַנפן שטייענדיק. מען האָט אים קיין מאָל ניט געזען זיך וואַלגערן אויף די טרעפּ פון דער קברנישער קלויז, אָדער זיך אויסניכטערן אויף אַ באַנק אין סעדל אויף טראָקער-גאַס. זײַנע געלאַטעטע שיך האָבן תּמיד געגלאַנצט ווי פלוימען נאָך אַ רעגן. דאָס אויסגעריבענע אייבערהעמדל האָט געברוליעט, אַן איין שפּרינקעלע. בלויז מיטן מאַנטל איז געווען צרות: צו גרויס. מען האָט גלײַך געזען, אַז דער בגד איז פון אַ פרעמדער פּלייצע. האָט אים שנייקע פון זיך אַראָפּגע-וואָרפן גלײַך נאָך פּסח און ביז ימים-נוראים האָט ער פּאַראַדירט אין ווילנע אין אַ געקראַטעוועטן אַנצוג מיט אַזאַ שאַרפן קאַנט אין די הויזן, אַז אַ פליג האָט זיך דאָרטן געקאָנט צעשנײַדן איר בויך. מען האָט זיך בלויז געוווּנדערט: אַזוי אָנגעטאָן און שפּילט אין גאַס.



יענעם זומער איז שנייקען ניט געגאַנגען. די פּרנסה איז שוואַך געוואָרן. אויך דאָס שפּילן בײַ זאַמעלען אין טשײַנע האָט טשוראַשקע דערציילט, אַז שנייקע האָט זיך איבערגעטרונקען און ער איז שוין ניט דאָס. טשוראַשקע האָט אים געפּרוּווט פאַרלייגן זיי זאָלן גיין צוזאַמען איבער די הייפן. ס׳איז געוואָרן אַ מאָדע אויף אָרקעסטערס. פון זינט עס זײַנען אַראָפּגעקומען פון וואַרשע צוויי שקצים, איינער מיט אַ טראָמבקע און דער אַנדערער מיט אַ פּײַפּיאַל, איז דער עולם געוואָרן זייער צעפּיעשטשעט. ניט נאָר האָט מען אויפגעהערט שנייקען צו וואַרפן גראָשנס פון די פענצטערס, נאָר מען האָט אויך

אָנגעהויבן שרײַען ער זאָל אויפהערן צו טראַסקען אין קאָפּ אַרײַן. אַזוי האָט טשוראַשקע דערציילט.

דערווײַל איז מיט שנייקען געשען אַזאַ מעשה: אין אַ שיינעם אינדערפרי איז ער פאַרבייגעגאַנגען דעם גרויסן שטאָטזאַל און האָט דערזען הענגען אַן אַפּיש מיט אַ נאָמען אין גרויסע, רויטע אותיות. דער נאָמען האָט אים אַזוי פאַרשטשעמעט דאָס האַרץ, ווי ער וואָלט ניט געווען געדרוקט מיט רויטער פאַרב נאָר מיט זײַן, שנייקעס, בלוט. ער איז געשטאַנען אַ פאַרגאַפּטער און זיך ניט געקאָנט אָפּרײַסן פון דער מודעה, אַז אין אָוונט וועט דאָ געגעבן ווערן אַ פידל-קאָנצערט. עטלעכע מאָל האָט ער געלייענט דעם אַפּיש פון אויבן ביז דער לעצטער שורה, ווו עס זײַנען געווען אָנגעגעבן די פרײַזן פון די בילעטן. פּלוצעם האָט ער זיך געגעבן אַ ריס פון אָרט און אַוועקגעאײַלט צו שטראַלס קאַפע.

פאַר אָוונט איז שנייקע אַרײַן צו זאַמעלען און דאָ איז פאָרגעקומען עפּעס אַזוינס וואָס האָט געשטעלט אויף די פיס די גאַנצע טשײַנע. אַנשטאָט צו נעמען, ווי געוויינטלעך, די פּאָרציע בראַנפן, האָט ער אויסגעשאָטן אויף דער ליאַדע זײַן גאַנצן פּדיון און געבעטן זאַמעלען דאָס אויסבײַטן אויף גרויס געלט. דערנאָך איז ער אַ טרוקענער אַרויס פון טשײַנע.

אָנגעקומען צום שטאָטזאַל, האָט שנייקע זיך אַוועקגעשטעלט אין ריי צו דער קאַסע, געקויפט אַ בילעט גאָר הויך, אויף דער גאַלעריע, און מיט דעם גאַנצן עולם סאָליד אַרויף די פאָר גאָרן טרעפּ צום קאָנצערט.

און אָט האָט שנייקע דערזען פון דער ווײַטנס, אויף דער בינע, זײַן יוגנט-חבר בערל, וואָס דרוקט זיך אויפן אַפּיש מיט גוייִשע אותיות בראָניסלאַוו און פאָרט איבער דער וועלט מיט קאָנצערטן. שנייקען איז ניט אַזוי אָנגעגאַנגען צו זען זײַן געוועזענעם חבר, מיט וועמען ער איז אַ מאָל געזעסן אַ פּולט לעבן אַ פּולט, ווי צו הערן זײַן שפּילן.

אָן לאַנגע הקדמות פון אָרקעסטער האָט בערל מיט עטלעכע צאַרטע שטריכן פונעם סמיטשיק איבער די סטרונעס געעפנט די

טויערן פאַר אַ ניגון, וואָס האָט אַ ווייע געטאָן אויף שנייקען מיט דעם ריח פון פאַרגאַנגענע טעג, ווען ער איז געווען יונג און ניכטער און פול מיט אמונה, אַז ער וועט מצליח זײַן און שפּילן אַזוי ווי בערל. אָט האָט די עיקר-מעלאָדיע פון קאָנצערט אָנגעהויבן לויפן דורך בערלס פלינקע פינגער, ניט אָנצוויאָגן .אָבער אין דער לעצטער רגע, ממש בײַם סוף פון די סטרונעס, האָט דער פידלער אָפּגעהאַלטן די צעספּוזשעטע קלאַנגען און זיי דערפּירט, ווי אויסדרעסירטע רײַטפערד, צום בריק פון דער פידל אויף אָפּרו און שטילקייט.

שנייקע האָט צוגעצויגט דאָס אויער צום סאַמע באַריער. ער האָט געגאַרט אויפצוכאַפּן אַ מינדסטן גרילץ, אַ פאַלשע נאָטע, אַ קלייניקן טעות. אָבער ניט בײַ בערלען. יענער האָט מיטן סמיטשיק געשניטן גענויע פּאַסן מוזיק פון די סטרונעס, כּדי די פלייטן און קלאַרנעטן אין אָרקעסטער זאָלן קאָנען פלעכטן מיט זיי איין זיסע תּפילה צו דער שיינקייט.

פאַרן פינאַל פון קאָנצערט האָט שנייקע שוין געוווּסט אויף זיכער אַז ער וואָלט קיין מאָל ניט געקאָנט אַזוי שפּילן און זײַן גאַנצע עקשנות צוזאַמען מיט דער קינאה זײַנען געווען אַרויסגע-וואָרפן. ער האָט עס געדאַרפט גלײַך פאַרשטיין, מיט יאָרן צוריק. דער דיריגענט האָט אים דאָך געזאָגט: „קוק ניט אויף בערלען, יענער האָט דעם פונק...״



שנייקע איז געשטאַנען בײַם שטאָטזאַל און זיך געשלאָגן מיט דער דעה: וואַרטן ביז בערל וועט אַרויסגיין צו זאָגן אים אַ וואָרט, אָדער בעסער ניט. ס׳האָט אים דערזען דער באַנקיר בונימאָוויטש. איבערגענומען מיט דעם נאַר וואָס געהערטן קאָנצערט, האָט אים דער באַנקיר אויסגעשטרעקט פינף זלאָטעס. די מטבע האָט אין דער טונקל געלויכטן און געמאַניעט. בונימאָוויטש האָט גוט געקענט דעם פידלער פון שפּילן לעבן זײַן באַנק. שנייקע האָט זיך געגעבן אַ טשוכע און אויסגעמורמלט:

— הײַנט ניט, פּאַניע בונימאָוויטש, הײַנט בין איך אַן דער פידל...

בונימאָוויטש איז געשטאַנען מיט דער מטבע אין דער אויסגעש־טרעקטער האַנט, אַזוי ווי ער וואָלט זי באַקומען אַ נדבה פון שנייקען. דער באַנקיר האָט געוואָלט מאַכן אַ חכמה, זאָגן אַ גוט וואָרט, אָבער ער האָט ניט באַוויזן: שנייקע האָט זיך געגעבן אַ דריי אויס און אַוועק דורך סובאָטש־גאַס אַהיים.



אַ גאַנצע וואָך איז שנייקע ניט אַרויס אין גאַס. ער האָט געוואָלט איבערוואַרטן ביז בערל וועט אַוועקפאָרן. האָט אים מירעלע, דעם קאַטערינשטשיקס מיידל פון אַקעגן איבער, געבראַכט איטלעכן טאָג אַ גלעזל פאַרוואַסערטן ספּירט, אַ הערינג מיט אַ ליאַק און אַ טעפּעלע קאַרטאָפל אין פעלצלעך. טאָמער האָט שנייקע געבעטן נאָך אַ גלעזל, האָט מירעלע געזאָגט ניין, ווײַל ער זעט אויס שוואַרץ ווי אַ קעסל און דעם טאַטנס פּאָפּוגײַ איז שענער פון אים.

ס'איז געווען אמת. שנייקע איז אַראָפּ. ער האָט אָנגעהויבן דאַרן. קיין גרויסער עסער איז ער קיין מאָל ניט געווען, אָבער ווי ניט איז האָט ער אויפגעהאַלטן די צורה. אָבער איצט האָט זיך בײַ אים עפּעס איינגעריסן. ווען ניט מירעלע וואָלט געווען ביטער. שנייקע האָט געהאַט מיט מירעלען אַ גאַנצן ראָמאַן. פון ערשטן טאָג ווען ער האָט זיך אַרײַנגעקליבן אין די ביליקע הייזער אַ טיר אין אַ טיר מיט דעם קאַטערינשטשיק, איז מירעלע געוואָרן ביי אים אַן אײַנגייע־רקע. זי האָט נאָר געחלומט צו טאַנצן, זײַן אַ באַלעטניצע. אַזוי ווי שנייקע איז געווען אַן אפּגעבריטער פון זיין אייגענעם חלום, זיין אַ פידלער ניט קלענער ווי בערל, האָט ער גאָרניט געזאָגט. וואָס קאָן מען דערציילן אַזאַ מיידל?

שנייקע איז געלעגן אויפן אײַזערנעם בעטל מיט די אויגן צום פאַררייכערטן סופיט. און דאָ האָט ער מיט אַ צעשפּאָלטענעם קול זיך צעשרײַען אויף דער שפּין אין ווינקל סופיט: בערל איז אַ קייסער אין די קאָנצערטזאַלן, וועל איך זײַן אַ קייסער אויף די ווילנער גאַסן!

די שפּין האָט איבערגעלאָזט אַ פעטע פליג אין מיטן עסן און אַנטלאָפן ביזן סאַמע אָנהייב פאָדעם פון איר נעץ. מירעלע האָט

דערהערט דעם געשריי און זי איז גלײַך געקומען צו לויפן. שנייקע איז געזעסן אויפן בעטל מיט פֿאַרבײַלטע פויסטן. מירעלע איז צוגעגאַנגען נעענטער און אים אַרײַנגעקוקט אין די אויגן. האָט שנייקע אויסגעגלײַכט אַלע פינגער, געקוקט אויף זיי ווי זיי וואָלטן ערשט אויסגעוואַקסן. דערנאָך האָט ער צוגעטוליעט מירעלען צו זיך און געשעפּטשעט אויף איר שמאָלן, מיידלשן אַקסל:

— איך קען אויך... איך קען אויך...



שנייקע איז געקומען צו זיך. ער האָט אויסגעזען ווי אַרויס פון אַ קאַלטער באָד. פֿאַרהאַרטעוועט. כאָטש ער איז געוואָרן אַ ביסל גרין אָן דעם בראָנפן, האָט מירעלע געהאַט פון אים נחת. ער האָט אַפילו אָנגעהויבן בעטן טיי. ס׳וואָלט שוין אַלץ גוט געווען, ער האָט פֿאַרוואָרפן זײַן פֿאַלשן פרײַנד, וואָס וווינט אויפן דעק פון פלעשל, אָבער צו פּרנסה קומט עס ניט. שנייקע איז קיין מאָל ניט אָנגעקומען צו יענעם, און דאָ איז מירעלע געוואָרן זײַן פֿאַרזאָרגערין. ער ווייס אַז בײַם קאַטערינשטשיק איז זייער שוואַך. די בריוועלעך מיט נחמות און ישועות וואָס דער פֿאָפּוגײַ ציט אַרויס פון דער קאַטערינקע, זײַנען שוין איצטער ניט קיין געשעפט. אַפילו דינסטמיידלעך לאַכן דערפון.

טשוראַשקע האָט זיך פֿאַרבונדן מיט אַ בלאָזער אויף אַ סאַקסאָ-פּאָן. גאָר עפּעס נײַס. ער האָט אויך פֿאַרוואָרפן דעם קעסלפּויק מיטן קינדער-וועגעלע, האָט זיך אײַנגעשאַפט צוויי פּלאַבע פּויקן, קלע-נערע, און אַ פּאָר מעשענע טאַצן אויף אַ שטענדער. ער קלאַפּט אין זיי דורך אַ פּעדאַל, ווי אין אַ ניימאַשין. אַזוי האָט דערציילט מירעלע.



שנייקע האָט באַשלאָסן איבערצורײַסן דעם ברוגז מיט דער וועלט. גענוג צו דרימפּלען אויף צו-להכעיס. אָדער מען שפּילט, אָדער מען שפּילט ניט. ביסטו שוין אַרויס אין גאַס, טאָ גיב מוזיק,

מאַך ניט פון עולם קיין פּענדזע. ווער דער קייסער פון די ווילנער גאַסן!

אין אָוונט האָט ער אָפּגעראַמט דאָס טישל און אַוועקגעלייגט אויף דעם די פידל. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און ווי אַ זעלנער זײַן געווער, אָנגעהויבן פונאַנדערצונעמען דעם אינסטרומענט. צו ערשט האָט ער אָפּגעלאָזן אַלע סטרונעס, דערנאָך האָט ער זיך גענומען צו די אַנדערע טיילן. ער האָט אָפּגעשפּיליעט פון אונטערשטן קנעפּל דעם סטרונע-האַלטער, אָפּגעלייגט דאָס בריקל, איבער וועלכן די סטרונעס ווערן געצויגן צו די פיר שליסלען אינעם קאָפּ פון גריף. אויך צו די שליסלען, צו די פיר שוואַרצע שטעקלעך, האָט זיך שנייקע דאַבוּוועט. ער האָט זיי אַרויסגעשלעפּט פון די לעכער און אויסגעווישט איטלעכן באַזונדער מיט אַ וואָלענער שקאַרפּעטקע. דאָס זעלבע האָט ער געטאָן מיט די אַנדערע חלקים. בײַ שנייקען אין די הענט איז איבערגעבליבן אַ נאַקעטע פידל, בלויז מיט דער גריף, וואָס איז צוגעמאָשטשעט צום הילצערנעם גוף אויף אייביק, ווי געבוירן צוזאַמען.

אַזוי האָט זיך שנייקע געפּאָרעט אַ גוטע פּאָר שעה ביז ער האָט צונויפגעשטעלט און אָנגעסטראָיעט זײַן ברויטגעבער. ער האָט נאָך אויסגעקעמט דעם סמיטשיק, אַרויסגעריסן די לויזע האָר און אַריבער-געפּאָרן עטלעכע מאָל די גאַנצע לענג מיט קאַלאַפּאָניע.

שנייקע האָט אויך געוואָלט איבערפּרוּוון די דושקע, אפשר וועט ער דורך אַ קליינעם רוק קומען צו אַ בעסערן קלאַנג, אָבער ער האָט מורא געהאַט: טאָמער פּאַלט זי, חלילה, אַנידער בײַם געבן איר אַ ריר, האָט ער ניט דאָס געצײַג זי אַוועקצושטעלן צוריק. האָט ער אַרײַנגעקוקט דורכן שפּאַלט אינעם טונקעלן אינגעווייד פון דער אויסגעפּוצטער פידל און זיך פאַרלאָזן אויף גאָט. די דושקע וועט ער ניט רירן, זאָל זי שטיין ווי זי שטייט. אַזוי האָט שנייקע זיך געגרייט אײַנצונעמען ווילנע.



אַרויסגיין אין גאַס שפּילן סאָלאָ האָט ניט געהאַט קיין טעם. ווי נאָר אַ הויפמוזיקאַנט, האָט ער גענומען צו זיך אַ שותּף. טשוראַשקע

איז אַוועק מיטן סאַקסאָפאָניסט. הירשל די אייגעלע, וואָס האָט געזונגען דאָס ליד פון אָרנטלעכן גנב („איך האָב געאַרבעט אין אַ פּראָצאָווניע, אין אַ קאַלטע לאַדאָווניע״), האָט צוגענומען צו זיך אַ באַגלייטער אויף אַ גאַרמאָניע. און אַזוי אויך די אַנדערע מוזי־קאַנטן. איז נאָך ווייניק, האָבן אַלע אָנגעהויבן קאָנצערטירן אין מיטן גאַס, דער עולם זאָל זײַן גרעסער. שנייקע האָט ניט געקאָנט אָפּשטיין. ער מוז געפינען אַ פּאַרטנער.

דערווײַל האָט געטראָפן אַן אומגליק בײַם קאַטערינשטשיק: דער פּאָפּוגײַ האָט פּאַרגלייזט די אייגעלער, זיך אַוועקגעלייגט מיט די פיסעלעך אַרויף און אויסגעגאַנגען אָן איין פּיפּס. דער קאַטערינשטשיק האָט געפּרוּווט אים גיסן ביר אין שנאָבל, אפשר וועט זיך דער פויגל אויסגענעצן און אויפשטיין, אָבער דער פויגל איז אַוועק אויף אייביק.

דער קאַטערינשטשיק האָט געטרויערט איבערן פּאָפּוגײַ מער ווי איבער זײַן ווײַב. יענע איז כאָטש געלעגן אַ חודש אין שפּיטאָל „משמרת־חולים״, האָבן די דאָקטוירים געשאָקלט איבער איר מיט די קעפּ און דאָס איבעריקע האָט מען אַליין פאַרשטאַנען. אָבער דאָ האָט דער פּאָפּוגײַ זיך געגעבן אַ קוליע־איבער און ס'איז ניטאָ צו וועמען צו ריידן.

אַזוי פיל יאָרן האָט דער פויגל געטרײַ געדינט. פאַרשטאַנען אויפן ווונק אַרויסצוציִען אַ קאָנווערטל מיט אַ נבואה, אַז דער חתן איז אין וועג. איצט איז ער געלעגן אין אַלע זײַנע קאָלירן ווי אַ פאַרוויאַנעטער בוקעט און געוואַרט ביז מירעלע וועט אים אײַנפּאַקן אין אַ שטיקל זאַק און באַגראָבן אויפן הויף.

מירעלע, שוין לאַנג די גאַנצע בעל־הביתטע, האָט זיך ניט פאַר־לאָרן. עסן דאַרף מען. פון די לעצטע פּאָר קאַרטאָפל האָט זי אויפגעטערכעט אַ מאכל וואָס מען רופט פּוסטע פיש. זי האָט עס געגעבן דעם טאַטן און אויך שנייקען אַרײַנגעטראָגן אַ טעלער. אָפּגעווײנט פונעם בראַנפן, האָט זיך בײַ שנייקען צעעפנט דער אַפּעטיט. ער האָט זיך ממש באַלעקט. אָפּגעגעבן מירעלען דעם

פוסטן טעלער, האָט ער זי זײַטיק אָפּגעמאָסטן, עלעהיי ער וואָלט זי דאָס ערשטע מאָל געזען און אַ פרעג געטאָן:

— מירעלע, ווילסטו טאַנצן באַלעט?



אין ווילנע אַנטלויפט ניט די זון צום אָוונט ווי פון אַ שׂרפה: זי גייט אונטער סטאַטעטשנע, מיט אַ פּאַוואָליעדיקן טראָט. אויפן וועג צום נאַכטיקן חושך הילט זי אײַן איר הייסן פּנים אין אַן אָנגעלאָ-פענעם ווינטעלע און טרײַבט פון זיך די שאָטנס, וואָס ווילן זי שוין ירשענען, פאַרכאַפּן די ליכטיקע וועלט.

אין אַזאַ שעה, נאָך ווײַט צום בין-השמשות, ווען אַלע הויזן-נייערס גייען אַרויס צום סעדל אויף ברייטע-גאַס צו שעפּן לופט און פלאַנעווען שטרײַקן — אין אַזאַ שעה זײַנען אויך אַרויס שנייקע מיט מירעלען אויף זייער ערשטן גאַסטראָל. גלײַך איז אַרום זיי געוואָרן אַ געזעמל. ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט און דאָס גאַנצע סעדל, ביז צום אַלטן שטאָט-טעאַטער, איז געוואָרן שוואַרץ פון מענטשן. מען האָט אָנגעהויבן אָנקומען פון גלעזער-גאַס, פון יאַט-קעווער-גאַס, אַפילו די קײַלערס פון די טרייפע יאַטקעס, אַנטקעגן איבער, זײַנען אַרויס צו דעם ספּעקטאַקל.

שנייקע האָט געשפּילט און מירעלע האָט געטאַנצט. זי האָט געשוועבט אין אַ קליידעלע פון ווײַסן טיול און קוים באַרירט די ערד מיט די שפּיצן צעריסענע שיך. אירע דאַרע הענטלעך האָט זי צעשפּרייט און ווי אַ זומער-פייגעלע געפלאַטערט רונד אַרום דעם עולם.

שנייקע האָט געשפּילט אַזוי ריין, אַזוי באַזאַכט, אַז די מעלאָדיע האָט צעוויגט דעם עולם אין איין פאַרבענקטן ניגון. דער ניגון איז געווען אַזוי דורכזיכטיק, אַז מען האָט געקאָנט זען דורך אים די גאַנצע שיינע שטאָט. און די ווילִיע וואָס נעמט אַרום ווילנע ווי מיט אַ זילבערנעם גאַרטל, האָט געפּליעסקעט פון זײַנע סטרונעס אונטערן טאַקט פון מירעלעס פיסלעך...

# השבת אבדה

ביז אָרטשיק האָט דערלעבט צו עפענען אַן אייגענע פֿאַבריקמאַ־כערסקע איז אים גוט אַרויסגעקראָכן די אויגן פֿון קאָפּ. עטלעכע יאָר האָט ער געקליבן געצייג, געלייגט אַ בריטווע צו אַ בריטווע. אַריינגיין צו קרוקס טאָכטער אינעם פֿריזירער־דעפּאָ און הייסן איינ־פּאַקן אַן אויסשטאַטונג — דאָס האָט אָרטשיק ניט געקאָנט באַהייבן. וואָלט ער געווען אַ בחור, איז אפשר. האָט ער, אָבער, גראָד אין דער צייט זיך געהאַט פֿאַרשעפּעט מיט ליבקען און מ׳איז נאָך רעכט ניט אַרויס פֿון אונטער דער חופּה, ווי זי איז אויפֿגעשטאַנען מיט אַ בויך. ליבקע האָט געמוזט איבעררייסן די אַרבעט. איצקע דער געלער האָט זי, חלילה, ניט אַרויסגעטריבן, ער האָט נאָר געזאָגט, אַז זי פֿאַרנעמט אַ האַלבע קנייפּע און די געסט ציטערן טאָמער גיבן איר אַ כאַפּ די ווייען און זי וואַרפֿט אַראָפּ דעם טעלער בוריקלעך פֿון האַנט. וויפֿל ליבקע האָט אים ניט געהאַט פֿאַרזיכערט, אַז ס׳איז נאָך ווייט צום געלעכטער, זי איז קוים אין זיבעטן חודש, האָט איצקע ניט נאָכגעגעבן. ער האָט געטענהט, אַז אַזאַ ווילדן טראָגן האָט נאָך ווילנע ניט געזען. כיבע זי סטראָיעט זיך אויף אַ דריילינג.

ליבקע איז געקומען אַ פֿאַרוויינטע אַהיים און געוווּנטשן איצקען, זיין ווייב זאָל אים שענקען נאָר שוואַרצע בזיקעס; ווייל טאַקע: צען יאָר האָט זי אָפּגעאַרבעט ביי אים פֿאַר אַ דערלאַנגערקע. געווען געטריי ווי אַ הונט, פֿאַרקוקט אויף אַ קניפּ אין ווייכן פֿלייש, אַבי דער גאַסט זאָל זיין צופֿרידן, דאָס געשעפֿט זאָל גיין לאַכנדיק, איז פּונקט איצט, ווען יעדער גראָשן איז נייטיק, האָט ער זי אָפּגעזאָגט. ווי־ניט־ווי פֿלעגט זי ברענגען פֿון קנייפּע אַ פּאָר גילדן טרינקגעלט, אַ שטיקל ביליקן אייטער, עטלעכע מעגעלעך. דאָס אַלץ איז געוואָרן אויס. אויף איין שׂכירות איז געווען שווערלעך, אי אויסצוהאַלטן די שטוב, אי צו קויפֿן אַן אינסטרומענט; האָט אָרטשיק געזען, אַז ס׳איז

ניט קיין גאַנג. ער מוז עפּענען אַ טיר פאַר זיך — ווי זיין באָבע פלעגט זאָגן: אַ טיר פון גאַס איז אַ פענצטער אין הימל. האָט ער פאַרצויגן דעם פּאַסעק אונטערן ווייסן כאַלאַט און ניט נאָכגעגעבן דער זלינדער מחשבה: אפשר אויפגעבן...

שבת אין דער פרי, איידער אָרטשיק איז אַראָפּ פון געלעגער, האָט ער אונטערגעפירט אין קאָפּ אַ סך-הכל וואָס ער האָט און וואָס אים פעלט. ליבקע איז געלעגן לעבן אים, דער פאַרשפּיצטער בויך איבערגעדעקט מיט אַ וואַטאָווער קאָלדרע, ווי אַ טשאָלנט פאַר פאַרשפּעטיקטע געסט, און האָט אים געטאָרעט:

— אָרטשיק, גענוג צו ציילן די שערעלעך.

און ער, ווי ניט אים מיינט מען, האָט אַריבערגעקוקט איבער איר געבערגלטן בויך, כּדי צו זען אין דער ווייט דעם שילד וואָס ער וועט אויפהענגען איבערן אַריינגאַנג פון זיין אַנשטאַלט: פאַריקמאַ-כערסקע אָרטשיק (פריער ביי בענדלען).



ליבקע האָט געהאַט אַ יינגל. ער איז אַרויס פון בויך מיט אַ קאָפּ האָר, כאַטש נעם און זעץ אים אַוועק אויפן שטול אונטערהאַקן די קודלעס. גאַנץ ווילנע איז זיך צונויפגעלאָפן אויפן בייז וווּנדער. איצקע דער געלער האָט געזאָגט, אַז דאָס וועט אויסוואַקסן אַן אַטלעט. ער׳ט איינגעמען די וועלט. אויף דעם סמך האָבן די חברה שטאַרקע באַשלאָסן צו פּראַווען דעם ברית אויף זייער חשבון, טאַקע אין קנײַפּע. איצקע איז געווען סנדק. די הינערניצעס פונעם האָלצמאַרק האָבן אויפגעטראָגן ס׳גאַנצע דרויב. עטלעכע שינדער האָבן צוגעוואָרפן אַ זייטל פלייש. איצקע האָט געגעבן בראַנפן. אָרטשיק האָט אויף אַ ווײַלע פאַרגעסן אַלע זיינע דאגות. גוטע ברידער פון פאַך האָבן אים אונטערגעטראָגן עטלעכע גלעזלעך, ביז ער האָט אָנגעהויבן באַלבענען, אַז מ׳דאַרף אָפּראַזירן די פלאַש. ליבקע האָט זיך שטאַרק פאַרשעמט און געשריען אויפן מאַן אַז מען קאָן ניט טרינקען דאַרף מען זופן יאַסעס קוואַס! זי האָט גענומען דאָס קינד און איז די

ערשטע אַוועק אַהיים. אָרטשיקן האָט מען געבראַכט צו שלעפּן שפּעטער.

אַז אָרטשיק האָט זיך אויסגעטשוכעט פון דעם ברית, איז ער אַוועק סטראַיען זיין געשעפט. מ׳האָט אים געזאָגט, אַז ביי אַווראַמקע דעם אַנאַרכיסט, וואָס האַנדלט אין דורכהויף, ליגט אַ ראַמס פּאַרי-קמאַכערשע געצייג. אויף ראַנע-פּאַלע איז געשטאָרבן אַ גוויישער פאַריקמאַכער, וואָס האָט די לעצטע יאָרן שוין ניט געאַרבעט, נאָר געהאַדעוועט קראָליקעס. איז זיין ווייב געקומען מיטן זאַק אינסט-רומענטן דאָס צו פאַרהאַנדלען. אָרטשיק האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אויף אַ רגע אָנצוקוקן די סחורה. ס׳איז געווען ניט דאָס. בריטוועס צעשטשערבעטע, איינע מיט אַ צעשפּאָלטן הענטל. פאַרשימלטע שאַרפלעדערס. אַ שער-מאַשינקע נומער נאָל מיט אויסגעהאַקטע ציי-נער. אַלע פענדזלען אויסגעקראָכן. דריי פאַרגעלטע ראַזיר-בעכערס. פון אַלע שערעלעך האָט מען געקאָנט אָפּקלייבן אפשר איינע. די גויע האָט געהאַלטן אין איין אַריינשאַצן אין נדן צוויי אָפּגעקראַכענע בינדעס צו וואָנצן פון מלך סאָבעצקעס צייטן. אָרטשיק האָט געגעבן אַ שפּיי און איז אַוועקגעגאַנגען. אַווראַמקע האָט אים לכתּחילה געוואָלט נאָכשרייען אַ גוט וואָרט, אָבער ער האָט אַליין געזען, אַז ס׳איז ניט קיין סחורה, נאָר כלאַם. האָט ער אַ נעם געטאָן אַלץ וואָס איז אים אונטערגעקומען, אַריינגעשאָטן עס צוריק אין זאַק און אַרויסבאַגלייט די גויע פון דורכהויף מיט אַ הוראַ.



אָרטשיקן איז ניט געגאַנגען. דער שלימזל האָט זיך אים נאָכ-געפּלאָנטערט אונטער די פיס. ער׳ט שוין געהאַט געדונגען, ניט טייער, אַ געשעפט אויף קרופּניטשע, און געוואָלט אַוועקשטעלן דאָרט אַ מענטשן אויסצוקאָלכן, איז אויסגעבראָכן אין ווילנע אַ פריזירער-שטרייק און האָט צעריבן אַלע פּלענער. ביי אַלטעטשקען אין פאַריקמאַכערסקע האָט זיך געשטעלט אַרבעטן אַ פריזירער פון ניט-הי. אין ווילנע איז געווען אָפּגעמאַכט, אַז ניט-היגע בעל-מלאכות לאָזט מען ניט צו צום פאַך, ווייל עס זענען פאַראַן גענוג

אייגענע צו פאַרזאָרגן. ניט איין נאַכט איז מען געזעסן אין פּראָ-
פעסיאָנעלן פאַראיין אויף זאַוואַלנע, צוזאַמען מיט די בעלי-בתים,
ביז מען האָט דורכגעפירט אָט דעם פונקט, און אים געחתמעט מיט
אַ תּקיעת-כּף און אַ צובייסן ביי וועלפּקען אין רעסטאָראַן. אַלטע-
טשקע האָט אָבער געוואָלט זיין קליגער פון אַלע, האָט זי פאַרטראַכט
אַ פאַרטל, אַז דער ניט-היגער איז כּלומרשט אירער אַ ווייטער קרוב.
האָט מען אין פאַראיין באַשלאָסן, אַז מאַקס און ליאָווקע, וואָס האָבן
געאַרבעט ביי שירבען אויף דייטשע-גאַס, זאָלן גיין צוזאַמען מיט
אָרטשיקן אַראָפּנעמען יענעם בוידזועלע פון דער אַרבעט. כּל-זמן
אָרטשיק איז ניט געווען פאַר-זיך, האָט ער געמוזט האַלטן דיסציפּלין.
איז ער געגאַנגען. אַלע דריי האָבן זיך אויסגעזועצט ביי אַלטעטשקען
און געוואַרט, ווייל יענער האָט געהאַלטן אין ראַזירן אַ קונד און
בכיוון געצויגן די עצמות. דריי מאָל איבערגעגאַנגען מיט דער
בריטווע די זעלבע באַק, געפּאַנגען ביי יענעם הערעלעך פון נאָז.
ביז היינט קאָן מען זיך ניט געניין דערמאָנען ווער ס׳האָט דער
ערשטער צעטראַסקעט דעם שפּיגל. ווי עס זאָל ניט זיין, איז דער
קונד אַרויסגעלאָפן אויפן גאַס מיט דער סערוועטקע אונטער דער
גאָמבע, און דער ניט-היגער יאָק איז אַוועק אַהיים מיט איין אויג
אַ ביסעלע קלענער. אויך די דעלעגאַציע איז ניט אַרויס טרוקן.
מער פון אַלע האָט געליטן אָרטשיק. ער׳ט געכאַפּט פון הינטער
אַרום אַ שמאַטיי איבערן אויער, ס׳האָט אים אַזש אויסגעקרימט אַ
פּאה. ליבקע מיטן קודלאַטן עופעלע זענען געקומען אין פאַראיין
ווינטשן דעם פאָרזיצער, יאָסקע געקער, ער זאָל זיך פאַרקייכן מיט
אַ פישקניידל פאַר שיקן אָרטשיקן אין פייער. יענער, אָבער, האָט
איר דערקלערט, אַז איר מאָן מוז שטיין אַקסל-צו-אַקסל אויף די
באַריקאַדן ביים פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די האָרעפּאַשניקעס.

אַלטעטשקע האָט זיך אונטערגעוואָרפן דעם דין פונעם פּראָ-
פעסיאָנעלן פאַראיין און מער ניט געפּרוווט זיין קליגער פון אַלעמען.
אין פּאַך איז מען שוין געווען זיכער, אַז ס׳וועט זיין רויק. מען
וועט קאָנען גיין איבער דייטשע גאַס ווי די העלדן. האָבן זיך אָבער
אונטערגערוקט די ימים-נוראים, ווען מען דאַרף שרייבן אַ נייעם

אַרבעט-קאָנטראַקט און די בעלי-בתּים זענען געווען שטאַרק איינ-געשפּאַרט. דערעיקרשט האָט געבושעוועט סטרעלניק פון גיטקע טויבעס זאַווּליק. ער האָט זיך איינגעעקשנט: מען צאָלט ניט מער פאַר איבערשעהען, און ווי גאָט וועט געבן. דער אַרבעטער דאַרף טראָגן דעם עול פּרנסה גלייך מיט אַלע און ניט אַראָפּוואַרפן דעם כּאַלאַטל ווען ס'קלאַפּט אויס זיבן אַ זייגער.

אָרטשיק האָט ניט געוווּסט ווו זיך צו נייגן. מיט דער בריטווע איז ער געשטאַנען ביי בענדלען, מיטן קאָפּ איז ער שוין געווען ביי זיך, אויפן אייגענעם מיסט, און דאָס האַרץ, דאָס האַרץ איז געווען מיט זיינע גוטע ברידער יאָסל פּאַסאָווקע, שעפּסקע, מאַקס, וואָס זענען געזעסן צעפּלאָמטע אין פּאַראיין און פּאַרטראַכט ווי צו קעמפן מיט די שונאים פונעם אַרבעטער-קלאַס סטרעלניק, בענדעל און נאָך אַנדערע אונטערדריקער.

די פּאָר וואָכן, וואָס ס'האָט געדויערט דער שטרייק פון די פריזירער, האָט אָרטשיק אויסגענוצט אויף איינסטראָיען די שאַפּקעס אין זיין פאַבריקמאַכערסקע. ליבקע האָט געהייסן איבערציען אַ בלויען שלעקל איבער די ווייסע טירלעך, עס זאָל ניט אויסזען ווי אין משמרת חולים. אַלע שכנים זענען געקומען אויף מבינות און געזאָגט, אַז ס'פאַרכאַפּט אַן אויג. דעם שטרייק האָבן די פּועלים געוווּנען, אָבער אָרטשיק האָט שוין אין דעם נצחון ניט אָנטיילגע-נומען. ער האָט זיך ניט אומגעקערט צו דער אַרבעט. דאָס האָט ליבקע אים אַזוי געעצהט. זיין גיין אויף די באַריקאַדן האָט זי כּמעט אָוועקגעלייגט.

אָרטשיק האָט איינגעהאַנדלט שפּיגלען, ניט טייער, און דאָס געשעפט האָט אָנגעהויבן באַקומען אַ צורה. עס האָבן נאָך געפעלט די שטולן, אַן אַפּאַראַט צו טריקענען די האָר, און אַ ביסל האַנט-געצייג. ליבקע האָט באַקומען פון אַ חברטע אַ מתּנה אַ בילד — אַ פרויענצימער אין אַ נאַכטהעמד ליגט אויף אַ שעזלאָנג און צוויי פעטע מלאָכימלעך קאָמען איר די גריוועקע. — האָט זי עס אויפגעהאָנ-גען אויבן אָן אין פאַבריקמאַכערסקע. ליבקע האָט געפּוצט און

געשייערט, אַ מינוט ניט געשטאַנען ליידיק. זי האָט די הענט ניט געפּילט.

דעם לעצטן פרייטיק-צו-נאַכט פאַרן עפענען די פריזיערנע האָט זי קוים געהאַט כּוח אָנצוצינדן די ליכט. ביידע, אַרטשיק און זי, זענען געזעסן ביים שבתדיקן טיש מיד און פאַרטשאַדעט פון אַ וואָך האָוועניש. זונטיק אין דער פרי האָט אַרטשיק געדאַרפט זיך שטעלן, אין אַ מזלדיקער שעה, פאַר זיין אייגענער טיר. ליבקע האָט צעגאָסן אין די טעלער דעם הינערשן יויך און געקוקט אויפן מאַן. דערנאָך האָט זי אָפּגעלייגט דאָס קאָכלעפל און זיך פונאַדערגעוויינט. די דינע וואָנצעס ביי אַרטשיקן האָבן געכאַפּט אַ ציטער:

— וואָס איז דער וויינען?

— ווי דו זעסט אויס... ס׳איז געוואָרן פון דיר אַ העלפט.

— וואָס זאָל מען טאָן? ביז כ׳האָב עס אַלץ אויפגעטערכעט...

— דאָס טאַקע וויין איך. איך ווייס דאָך יע וואָס פאַר אַ שידו-כים מ׳האָט דיר גערעדט. מיט געלט, מיט אַן איינקומעניש... האָסטו גענומען אַן אָרעמע מיידל. איך ווייס, אפשר מאַכסטו אַ חשבון... צו וואָס האָסטו עס געדאַרפט...

אַרטשיק האָט זיך צעשמייכלט:

— וואָס האָסטו זיך איצט דערמאָנט? עס ליגט אַ בייבאַק אין וויגעלע. מיר זענען דאָך שוין אַן אַלטע פּאָר.

די שבת-ליכט האָבן אויפגעשיינט אין אַרטשיקס שמייכל. ליבקען האָט אַלץ אויפגעלויכטן, דער גאַנצער קאָמער זייערער. זי איז צוגעגאַנגען צום מאַן, אַריינגעשטופּט אירע דיקלעכע פינגער אין די פּאָליעס פון זיין טשופּרינע און זייטיק, מיט אַן אָנזעעוודיקער ברוסט, זיך אַ הנדל געטאָן צו אים:

— אַרטשיקל, קאָטקעלע מיינער, ביסט נאָך פאַרקאָכט אין מיר ווי אַ מאָל?

אַרטשיק האָט געשמייכלט.

— נו, זאָג, טאַקע... פאַר וואָס האָסטו מיך גענומען, זאָג...

אָרטשיק האָט פאַרגלעט אַ וואָנצע:
— פאַר דיין שיינער פּאָסטאַווע, ליבקע, נאָר פאַר דעם...



זונטיק גאַנץ פרי האָט אָרטשיק גענומען די שליסלען און איז אַוועק עפענען זיין פאַבריקמאַכערסקע. דער שטיקל וועג פון קליין סטעפן-גאַס ביז קראָפּניטשע האָט זיך אים געצויגן מיילנווייז. ער האָט שוין וואָס גיכער געוואָלט זיין אויף אַן אָרט און אָפּגעבן אַ ברייטן גוטמאָיען דעם ערשטן קונד. געקומען אויפן פּלאַץ האָט אָרטשיק, פון הנאה-וועגן, אויפגעהויבן די אויגן צום שילד, און אַריינגעשטעקט דעם שליסל אינעם הענג-שלאָס, וואָס האָט צוגע-האַלטן די שטאַבע. פאַרזיכטיק, ניט אָפּצורייבן די פרישע פאַרב, האָט ער אָפּגעשטעלט אין אַ זייט דעם אייזערנעם פּרענט, ברייט געעפנט די טיר, און איז אַריין מיטן רעכטן פוס אין זיין אויסגעחלו-מטן געשעפט.

פון איבערראַשונג האָט זיך ביי אים אויסגעצויגן דאָס פּנים. די גאַנצע פאַבריקמאַכערסקע איז געווען ליידיק. אָן אַ שטול, אָן אַ שפּיגל, אָן אַ מינדסט שטיקל געצייג. פון די נאַקעטע, פאַרשעמטע ווענט האָבן אַראָפּגעוווּנקען צו אים עלנטע קרוקעס. אָרטשיק האָט אָנגעהויבן אַרויסרוקן איין שופלעדל נאָכן אַנדערן, גאָרניט האָט ער דאָרט געפונען. אַזוי ווי אַ שד וואָלט זיך שבת-צו-נאַכט געמאַכט אַ וויץ און מיט איין בלאָז פאַרטריבן די גאַנצע פאַבריקמאַכערסקע דורכן קוימען. ס'האָבן געפעלט די נייע, ניקלנע שטולן מיט די אָנשפּאַרן פאַרן קאָפּ, איינגעסטראָיעט אויף כיטרע שאַרנירן. די געשליפענע שפּיגלען, פיר מילימעטראָווע. דער אַפּאַראַט צו טרי-קענען האָר, מיט אַ קליאָש, וואָס אָרטשיק האָט צוגעגרייט פאַר דאַמסקע אַרבעטן. ניט געווען דער קאָמפּלעט שער-מאַשינקעס, בריט-וועס, קעמעלער, ביינערנע און שטאָלענע, זייפבעכערס, פּענדזלען פון די בעסטע חזיר-האָר, איינע אין איינע. אַפילו דער נייער כאַלאַט מיטן בלויען קעלנערל, האָט אויך געפעלט. פון ליבקעס בילד איז געבליבן בלויז דאָס שטריקל.

אָרטשיקן האָט אַזוי פאַרדריקט דאָס האַרץ, אַז ער איז אַ רגע געבליבן שטיין זייער שטייף, ביז ער איז אַוועקגעפאַלן אין זיין גאַנצער לענג אויף דער פּאָדלאָגע. אַזוי האָט אים געפונען זיין ערשטער קונד, הירשל דער קאַנאַריק. ער האָט עס טאַקע אויף געמאַכט די גאַנצע גאַס מען זאָל אָפּטשוכען אָרטשיקן און דערנאָך אַוועק זיך דערוויסן ווער האָט עס געקאָנט אָפּטאָן אַ יידן אַזאַ גאַזלעוואַניע.



גאַנץ ווילנע האָט געשטוינט ווי אַזוי מען האָט אָרטשיקן בדלות געשטעלט. דער גאַנצער פּאַך האָט געברויזט. ליבקען איז פון קלע-מעניש דאָס מילך אַנטרונען. דאָס יינגל האָט זיך איינגעקלאַמערט מיט ביידע הענטלעך אין דער מאַמעס ברוסט, גרויס ווי אַ קירבעס, און קוים אַרויסגעשמאָטשקעט פון דאָרט אַן אָנבייסן. אָרטשיק איז געלעגן אויפן בעט מיט פאַרמאַכטע אויגן און ליבקע האָט זיך געבעטן ביי אים:

— אָרעלע, שטאַרק זיך, דער עופעלע דאַרף האָבן אַ טאַטן.

אין אָוונט זענען געקומען חברים אים טרייסטן. יאָסקע האָט געזאָגט, אַז מען וועט איבערדרייען ווילנע און געפינען די זאַכן. מאָרגן, בלי-נדר, וועט מען אַרויסגיין אין גאַס זוכן קאָנטאַקטן מיט די פינצטערע עלעמענטן, כדי זיי אויפצוקלערן זייער פאַרברעך. כאָטש ער פערזענלעך האַלט, אַז אָרטשיק האָט ניט געדאַרפט פאַר-ראַטן די רייען און זיך אָנשליסן צו דער קליין-בורזשואַזיע דורך עפענען אַ פאַבריקמאַכערסקע פאַר-זיך — וועט ער אַליין יעדן וואָס האָט אַ האַנט אין דער גנבה, אָפּגאָלן דעם פּאַרך מיט אַ צעשטשער-בעטער בריטוווע.

אויך הירשקע קאַנאַריק האָט ניט גערוט. דאָס באַגנבענען אָרט-שיקן האָט ער אָפּגעפילט ווי אַ פערזענלעכע מפלה. אויף קרופּניטשע איז ער געווען קיסר. אָן אים האָט קיינער ניט געטאָרט אָנרירן וואָס אַ האָר די ווערט, קומט פון ערגעץ אַ ווערזילע און באַגנבעט זיינעם אַ שכן. הירשקע האָט אָנגעזאָגט אָרטשיקן מיטן האַרבן וואָרט ניט צו גיין מעלדן דער פּאָליציי. מאַיעווסקי דער קאָמיסאַר מיט זיינע

מוסרים וועלן צעשפּוּזשענען דעם גנב. דערנאָך איז ער אַוועק צו יאַנעק די באַסעווידלע וואָס האָט זיך געפּאָרעט ביי שלאָסעריי פּרעגן, אפשר האָט ווער ביי אים באַשטעלט די לעצטע צייט אַ וויטריך.

פון דער גנבה איז אָבער ניט געווען קיין סימן. הירשקע דער קאַנאַריק איז געגאַנגען אין פּאַראַיין פון די שטאַרקע, „די גאָלדענע פּאָן" פּאָדערן גערעכטיקייט, נאָר אָנעם פּרעזעס, זעליק בעל-טובה, איז ניט געווען צו וועמען צו ריידן. זעליק איז געזעסן אין לוקישקער טורמע, אַ ליאַדע טאָג האָט ער געדאַרפט אַרויס. האָט מען געמוזט וואַרטן. ליבקע האָט געזען ווי אָרטשיק איז שוואַרץ ווי קעסל פון גריזאָטע, איז זי געלאָפן פרעגן אַן עצה, זיך אַראָפּריידן פון האַרץ. די פליקערקעס אין שחיטה-שטיבל האָבן איר געעצהט אַריינצוגיין צום ישיבה-בחור, וואָס פלעגט טרעפן פון האַנט, אפשר וועט ער קאָנען זאָגן ווו ס'איז אַהינגעקומען די פאַריקמאַכערסקע. צום ישיבה-בחור פלעגן אַריינקומען ניט בלויז עגונות, נאָר אויך סאָלידע לייט, סוחרים, יעדער האָט געהאַט זיין פּעקל. בדרך-כּלל האָט ער פירגעזאָגט פון אַ געווירעטן בויגן מזלות. אין שווערע פאַלן פלעגט ער אַריינקוקן אין אַ קבלה-ספר, זוכן דאָרט צירופים. ליבקע האָט אים געטראָפן ביי אַ צעפּערטלטן הערינג מיט ציבעלע. דערזען איר אָפּגעפּאַלן פּנים, האָט ער זי באַרויקט, אַז ס'איז נאָך ניט געווען דער מאַן, וואָס זאָל ניט קומען צוריק אַהיים אויף אַלע פיר. ער'ט נאָר אָפּעסן, וועט ער איר זאָגן אַלץ גענויער. ליבקע האָט ניט געוואַרט ביז ער וועט דערגיין צום עק הערינג, נאָר אין צוויי האַרבע ווערטער אים אַרויסגעפּירט פון טעות. דער ישיבה-בחור האָט זיך ניט געפּוילט, געזוכט אינעם בויגן מזלות אַ רמז אויף דער פאַר-שווונדענער פריזיערניע. דערנאָך האָט ער געפּרוווט עפּעס טאָן מיטן שפּיגעלע. געכאַפּט אַ קוק אויף ליבקעס האַרטער דלאָניע און זי לסוף אָפּגעשיקט אַהיים מיט אַ פאַרנעפּלטן הסבר, אַז די גנבה איז נאָך פריש, זי וועט זיך אַ ביסל אָפּזעצן, וועט מען קאָנען ריידן ווייטער. איינס איז זיכער — דער גנב האָט וואָנצעס.



הירשקע קאַנאַריק האָט זיך זיינס דאַבוּוועט. זעליק בעל־טובה איז אַרויס פון תּפיסה, האָט מען גלייך אויפגערופן אַן אַסיפה. אויך דער רב פון דער בראַנזשע, ר׳ קיוועלע, האָט צוגעזאָגט צו קומען.

ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ שטיקל שייכות צו טונקעלע אַרבעט איז געקומען יענעם אָוונט צו איצקע דעם געלן בײַזײַן די פאַרזאַמ־לונג. איצקע האָט פאַרמאַכט די לאָדן פאַר אַ פרעמד אויג און געהייסן די דערלאַנגערקעס צעשניידן די פּאָר מעטער געבראָטענע קישקע, וואָס מען האָט צוגעגרייט אויף כּיבוד. בראש איז געזעסן זעליק בעל־טובה. ביי די זייטן האָבן אים אַסיסטירט פרענציק און זרח די פליטע. ווייטער האָבן זיך אויסגעזעצט, לויטן ראַנג, אַוורעמקע דער אַנאַרכיסט, מלך דער חכם, דאָדקע די טויז, עלינקע, מאָטקע דער קייזערל,ביידע ברידער די וועווערקעס און אַזוי ווייטער, ביז די קליינע פלאַטקעס ביים עק טיש.

דער ערשטער האָט זיך צעטרילערט אויף זיין הויכן פאַלצעט הירשקע דער קאַנאַריק:

— ליבע ברידער, מיר זענען זיך אַלע דאָ אויפגעקומען אַרויס־צונעמען אַן אַבידע, אָבער פון וועמען ווייסן מיר ניט. אַ געוויסער אורקע, וואָס ס׳איז רעכט אַז ער איז גאָרניט פון אונדזער פאַראיין, האָט געהאַט בלוטן אָן מיין וויסן אויסצוראַמען אַ געשעפט אין מיין ראַיאָן. איז דאָס נאָך ווייניק, האָט ער פונקט צוגעפּוצט אָרטשיקן דעם פאַבריקמאַכער, וואָס האָט גענומען אונדזערס אַ האָדולקע, ליבקע די דערלאַנגערקע, צו פאַרצײַען מיט איר אַ וויטישן לעבן. מוז איך אַלעמען אָביאַווען: כּל־זמן הירשקע דער קאַנאַריק גייט אויף זיינע פיס איבער קרופּניטשע, וועט אַזאַ נומער ניט דורכגיין. ס׳איז אמת — איך ווייס ניט אויף וועמען זיך צו טראָקענען, נאָר דאָס קאָן איך אייך שווערן, מיינע טייערע ברידער, אַז ס׳זאָל מיר אַזוי דינען די פּריי — טאָמער כאַפּ איך אונטער אָט דעם גרויסן מויקע, איז ניט נאָר וועט ער דאַרפן ברענגען אַלץ צוריק אויף זיינע הוצאות, נאָר אים אַליין וועט מען אַרויסטראָגן פון ווילנע אין דריי מאָל.

הירשקעס רעדע האָט געמאַכט אַ רושם. דער טיש האָט גע־

ציטערט אונטער די פּויסטנקלעפּ. מען האָט זיך אָנגעהויבן דערמאָ־נען אַלטע עוולהס, אויפגעמישט פאַרגאַנגענע פּרשהס. דאָדקע די טויז האָט שוין געהאַלטן ביים ציִען אַ מעסער פון כאַליעווע. ווען ניט זעליק בעל־טובה ענדיקט זיך די אַסיפה אויף נאָס. ער האָט באַפוילן איצקען שטעלן נאָך אַ פּאָר ליטער בראָנפן אָפּצוקילן די געמיטער.

אַז דער עולם האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט האָט ר׳ קיוועלע זיי גוט אויסגעמוסרט, אַז גאָט האָט זיי געגעבן אַזאַ פּרנסה, זאָלן זיי כאָטש זיין מענטשן. אין שולחן ערוך איז פאַראַן וועגן גאַנצן ענין אַ בפירושער דין. ס׳וואָלט זיך געפּאַסט, אַז ווילנע, ירושלים־דליטא, זאָל ניט פאַרשעמט ווערן און דער גנב זאָל אָפּטראָגן אַלץ אויף צוריק, ביז אַ פאָדעם. אַניט וועט אויסקומען אָנצוצינדן שוואַר־צע ליכט און אויסרופן אויף יענעם אַ חרם, זאָל ער דעמאָלט ניט האָבן קיין טענות צום רבונו־של־עולם, אַז צו וואָס ער׳ט זיך צורירן וועט ער אָפּברענען די הענט. ווייל כּל־זמן גאָט העלפט איז מען מצליח ביי די שווערסטע שלעסער, אָבער אָן אים קאָן מען אַ מאָל עפענען אַ טיר און געפינען ניט מער ווי אַ פּולע פּאַמוניצע.

אָנגעזאָגט מען זאָל האָבן גאָט אין האַרצן האָט ר׳ קיוועלע אַריינגעצויגן אַ קעלישעקל בראָנפן און איז אַוועק אַהיים.



אָרטשיק איז געגאַנגען פאַר טאָג מיט אַ לייטערל אין האַנט אַראָפּנעמען דעם שילד וואָס איבער זיין פאַבריקמאַכערסקע, איידער עס וועט ווערן אַ באַוועגונג אין גאַס. ער האָט ניט געוואָלט מענטשן זאָל זען זיין בראָך. די אַסיפה אין ברודער־פאַראיין האָט טאַקע אַלעמען צערודערט, אָבער קיין פּרנסה איז דערפון ניט געווען. הירש־קע דער קאַנאַריק האָט אים פאַרזיכערט אַז מען וועט אַלץ צוריקקע־רן. ער קען זיינע לייט. אויב עס וועט ניט העלפן זיין, הירשקעס, ברידערלעבע בקשה איז ווער וועט זיך שטעלן קעגן ר׳ קיוועלעס

הזהרה? ס'איז עפּעס אַ כאַבינקע אַ חרם מיט שוואַרצע ליכט? דער גאַנצער דורכהויף גייט דאָך כאַדאַראַם...

איז ער געגאַנגען, אָרטשיק, איבער קליין-סטעפּן-גאַס צו קרו-פּניטשע מיט אומעטיקע טריט. די פאַרפּסחדיקע זון האָט געגענעצט, געצויגן די ראָזלעכע גלידער איבער דער ווילִיע. אויפן גאַס האָבן שאַטנס נאָך געהאַלטן ביים פּאַקן די בעבעכעס. דאָ, דאָרט, איז שוין געוואָרן ליכטיקער. קאַלוזשעס שנייוואַסער האָבן געפאַנגען אַ ברעקל שטראַל און אים אַוועקגעשלעפּט אין רינשטאָק אַריין. אָרטשיק האָט געהיפּערט איבער די פרילינג-ריטשקעס און ניט געפילט די פרייד פון די אָנקומענדיקע טעג, ווען ער וועט קענען אַריינלייגן ס'יינגל אינעם וועגעלע און שבת אַוועקשפּאַצירן זאַלבעדריט דורך ברייטע גאַס צום בערנאַרדינער גאָרטן.

די לעצטע פּאָר טעג האָט אָרטשיק אָנגעהויבן שטאַרק פילאָ-סאָפירן, ער האָט זיך דערמאָנט דעם טאַטנס אַ זאָג: ס'איז אַ נאַרישע וועלט. מען האָוועט, מען לויפט, און וואָס איז די אָקציי? — ס'קומט דער שוואַרציאָר און פּאַרטיק. אויס קאַפּעליוש-מאַכער. מען האָט געקאָנט פּאָר די פּאָר גילדן לעבן אַ טאָג, עסן אײַטער און גיין אין טעאַטער. שוין, ניט צו מאַכן. הערט פּאַר דער פאַבריקמאַכערסקע האָט אָרטשיק טיף אָפּגעזיפצט און אָנגענומען אַ פעסטן באַשלוס, אַז איצט וועט ער שוין וויסן ווי צו לעבן אויף דער וועלט.

ער האָט אָנגעשפּאַרט דאָס לייטערל אין דער וואַנט, איבערן פענצטער, און שוין געהאַלטן ביים אויפהייבן אַ פוס צום ערשטן שטאַפּל, ווי אים איז אַדורך אַ סקרוך איבערן גאַנצן לייב. אַ רגע איז ער געבליבן צוגעפּראָרן צום פענצטער מיט איין פוס פאַרהויבן, ווי אַ בושל. דערנאָך האָט ער זיך געגעבן אַ טשוכע, מיט איין דריי באַפרייט די שטאַבע פונעם הענגשלאָס און ברייט אויפגעריסן די טיר.

די גאַנצע פאַבריקמאַכערסקע איז געשטאַנען, ווי קיין מאָל גאָרניט, נאָר אויפצונעמען קונדן. די שטולן, די שפּיגלען, דער אַפּאַראַט צו טריקענען האָר פאַר דאַמסקע אַרבעט, אַלע מעבל אויפן אָרט, אַלע בריטוועס, די שערעלער, די זייפבעכערס, די האָר-מאַשינקעס — אַלץ איז געלעגן אויסגעסאָרטירט אויף די שאַפקעס.

אויך דאָס כּאַלאַטל מיטן בלויען קאָלנערל האָט ניט געפעלט. אָן איין שפּרינקעלע. אַפילו ליבקעס בילד פון דער פּרויענצימער אין נאַכטהע-מד איז געהאַנגען אויפן זעלבן נאָגל פון וואַנעט מען האָט אים אַראָפּגענומען. אָרטשיק האָט אין צעטומלעניש געטאַפּט יעדער שטי-קל געצייג, יעדן שרייפל. ער האָט געעפנט איין בריטווע, אַ צווייטע, געפּרוּווט אַ קעמעלע אויף די אייגענע האָר און ניט געוועזן זיכער צי דאָס איז חלום צי די וואָר. איצט האָט ער פאַרשטאַנען פאַר וואָס הירשקע דער קאַנאַריק האָט אים נעכטן אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט ניט אַרויסצוגיין דעם גאַנצן שבת-צו-נאַכטס פון שטוב, ניט ער און ניט ליבקע...

פאַרן פאַרשליסן די טיר פון זיין געשעפט, כּדי צו לויפן אָנזאָגן ליבקען די גוטע בשׂורה, האָט אָרטשיק באַמערקט ביים עק שטועל שטיין אַ פענדזל. אַ טונקל-ברוינעם פענדזל מיט קורצע האָר, פאַר אַ האַרטער באָרד. אָט דעם פענדזל האָט ער געקויפט ווען ער איז אַריין צו בענדלען ווי אַ לערניינגל. אָרטשיק האָט אַריינגענומען דעם פענדזל אין יידע הענט ווי אַ געליבט פייגעלע וואָס האָט פאַר-בלאָנדזשעט פון איר נעסט, און צום ערשטן מאָל פון זינט ער איז אין פאַך האָט אָרטשיק פאַריקמאַכער נאָס געמאַכט אַ פענדזל מיט זיינע אייגענע הייסע טרערן...

# דער בוים נעבן טעאטער

די מאַמע האָט יאָרן געטענהט, אַז רעגינע צונזער האָט באַ־גראָבן דאָס געשעפט. די מאַמע איז געווען אייפערזיכטיק אויף איר. רעגינע צונזער האָט גערופן דעם טאַטן „קאַווקאַזער גראַף״, צוליב זײַן צוגעשניטענער באָרד און די שוואַרצע, ברענענדיקע אויגן. איז דאָס נאָך ווייניק פלעגט זי ביים ריידן מיטן טאַטן, איר טעאַטער־דירעקטאָר, זיך רײַבן אַרום אים ווי אַ קעצל פאַרן באַקומען דאָס טעצעלע מילך.

אויסער דעם וואָס רעגינע צונזער האָט פאַרמאָגט אַ פול־בלוטיקן טאַלאַנט, האָט זי אויך פאַרמאָגט אַ פולן בוזעם און די איבעריקע גלידער אויך מיט אַ פולער מאָס. קיין וווּנדער, אַז די מאַמע האָט געזען אין איר אַלע צרות. זי האָט געוואָרנט דעם טאַטן:

— משה, זי דרייט אויפן בינע מיטן הינטן, און אין זאַל דרייען בעסערע מענטשן מיט די נעזער...

און כּך הווה — ווי די מאַמע וואָלט עס אויסגערעדט אין אַ שלעכטער מינוט. רעגינע האָט ניט בלויז געדרייט מיט איר פאַר־מעג. זי האָט נאָך דערבײַ צוגעזונגען אַ ליד מיט פאָלגנדיקן אינ־האַלט:

איר זענט געקומען אַ ביסל צו שפּעט
מען האָט שוין פאַראַקערט און פאַרזייט
אומזיסט האָט איר די כּלים געגרייט
געשליפן ס'מעסער ,זיך שטאַרק פאַרברייט...

דערצו נאָך האָט זי געזשמורעט מיט אירע ממזרישע אויגן גלײַך אין עולם אַרײַן. די גאַליאַרקע האָט געקוואָלן, געפּאַטשט בראַוואָ און געבעטן נאָך. אין פּאַרטער, אָבער, איז עס ניט אַזוי

געפּעלן. דאָרט איז געזעסן סיאָמקע קאַגאַן, דער טעאַטער-קריטי-קער פון „ווילנער טאָג". ער האָט באַשלאָסן, אַז דאָס געזאַנג איז ניט פאַר ווילנע. איז ער אַוועק גלייך נאָך דער פאָרשטעלונג אין רעדאַקציע און אָנגעשריבן אַ פּלאָמיקע רעצענזיע, אַז די פאָר-שטעלונג דרייט זיך אַרום דער אַקס פון אויסגעלאַסנקייט. דאָס אומפאַרשעמטע ליד רייסט אָפּ דעם מאַסן-באַזוכער פון זיינע סאָציאַלע פּראָבלעמען און די שורה וועגן געשליפענעם מעסער ווירקט אויף די סאַמע נידעריקע אינסטינקטן. די גאַנצע פאָרשטע-לונג איז אַ סכּנה פאַר דער יידישער קולטור, מיט איר זיצאָרט אין ווילנע.

איז דאָס נאָך ווייניק, איז ער אַוועק אין דער פרי אין רעאַל-גימנאַזיע און געבעטן זיין פריינד, דעם לערער גערשטיין, ער זאָל אָוועקשטעלן דעם גאַנצן קלאַס קינדער פאַרן טעאַטער, זיי זאָלן דאָרט שרייען אין איין קול — נידער מיטן שונד!

זייבעץ דער קוימענקערער האָט געשריבן אַ בריוו אין רעדאַק-ציע ער האָט געדראָט סיאָמקען, אַז ער וועט אים איינריכטן אין סאַזשע. רעגינע צונזער איז געווען אַ מאכל פון דער וועלט. אַזוי האָט זייבעץ געשריבן. מען האָט איר געדאַרפט אויסקושן אַלע גלי-דער. דער עולם האָט זיך אָטכאַיעט נאָך דעם יונג-טעאַטער מיט זייער פּיעסע „שרייַ כינע". די מעשׂה מיט קיטייַצעס, און, בכלל, וואָס האָט ער, סיאָמקע, צו מעסטן די הויך פון די אינסטינקטן ?... נאָך עטלעכע אייגענע מענטשן האָבן זיך אָנגענומען פאַר רעגינע צונזער, אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפן. זי האָט געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט. די קולטור האָט מנצח געווען. די מאַמע האָט פאַרגעסן אין איר אייפערזוכט און געווונטשן סיאָמקען אַ בראָדעווקע אויפן שפּיץ פעדער פאַר נעמען און צעברעכן אַ סעזאָן.

אַזוי איז דאָס טעאַטער געבליבן אָן אַ גאַסטראָליאָרשע. דער טאַטע איז געזעסן אויפן ברעג קאַנאַפּע, געגלעט די באָרד, געריבן אַ ברעם און געמאַכט פּלענער ווי אַוועקצולאָזן ס'טעאַטער פון דאָס נייַ. ער האָט גאָרניט אויסגעטראַכט. איז ער אַוועק צו וועלפקען

אין רעסטאָראַן, אויף יידישע גאַס. דאָרט זיינען געקומען אַקטיאָרן עסן אויף באָרג. דער ערשטער האָט אים איבערגענומען קוזניעצאָוו, דער רעזשיסאָר, דער וואָס גייט אָנגעטאָן אויף דער בינע אין אַ שבתדיקן אָנצוג און שפּילט תּמיד אַ באַנקיר. קוזניעצאָוו האָט געזען דעם טאַטנס פאַראומערט פּנים, האָט ער פייערלעך אויס-גערופן :

— איידער מיר גייען לייזן פּראָבלעמען, טראָג איך אַריין אַ פאָרשלאָג מען זאָל נעמען צו קאָפּעלער בראָנפן !

דער פאָרשלאָג איז געוואָרן איינשטימיק אָנגענומען. דאָס באָרוועסע געזינדל האָט באַזעצט אַ טיש און וועלפקע האָט באַפוילן צו ברענגען פון קיך פאַרבייסן אַ מילץ מיט סאָלדאַטסקע קאַשע. גלייך נאָכן ערשטן גלעזל האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן פּלענער וועלכע פּיעסן צו שטעלן, זי זאָל עפענען צוריק דאָס קאַסע-פענצ-טערל. כאַשיע די יתומה איז שוין געווען אָפּגעשפּילט. קבצנזאָן און הונגערמאַן האָט מען ניט געקאָנט באַניצן, ווייל שטרייטמאַן, דער קאָמיקער, איז אַוועק פון ווילנע זוכן גליק אין אַרגענטינע. ווו זיינען מיינע קינדער איז דווקא געווען אַ גוטע פּיעסע, דאַרף מען, אָבער, האָבן צו איר מוזיק, און די מוזיקער ווילן ניט גיין שפּילן, ביז מען וועט זיי ניט באַצאָלן דעם חוב פון רעגינע צונזער. סטופּעל, דער דיריגענט און ערשטער פידלער, האָט געמאָלדן, אַז ער וועט מער ניט ציען דעם סמיטשיק גלאַט אַזוי, פאַר דער קונסט. האָט זיך אויפגעשטעלט אָרליוק און געבעטן אַ וואָרט. ער האָט פאָרגעלייגט מען זאָל שטעלן אַ נאַציאָנאַלע פּיעסע, ווייל לעצטנס איז מען געדריקט פון אַלע זייטן, קיין פּרנסה איז ניטאָ — דאַרף מען דער-וואַרעמען דעם עולם מיט באַנייטע האָפענונגען.

אָרליוק איז געווען זייער אַן אינטעליגענטער אַקטיאָר. ער האָט געטראָגן ברילן . זיינס אַ וואָרט האָט געהאַט וואָג. אין טעאַ-טער האָט מען געוווּסט, אַז ער איז אַ ציוניסט און חלומט וועגן ארץ-ישראל. האָט ער פאָרגעשלאָגן מען זאָל באַנייען בר-כוכבא. דער טאַטע האָט זיך גלייך אָנגעכאַפּט. קיין געלט דאַרף מען ניט אַריינלייגן. עס שטייען נאָך די טעקטורענע בערג פון דער אָפּגע-

שפּילטער אָפּערע שולמית. דער רעקוויזיטאָר זאַקאָוויטש וועט ברענגען הילצערנע פּיקעס פאַר דער יידישער אַרמיי און ס'איז שוין באַלד אַלץ פאַרטיק. בלויז איין זאַך האָט געשטערט דעם טאַטן. צו דער ראָל בר־כוכבא האָט זיך געריסן אַרליוק. סיאַמקע קאַגאַן האָט זיך צוגעטשעפּעט צו רעגינע צונזער פאַר אַ נאַריש לידל, איז ווי נאָך, אַז ער וועט דערזען אַ בר־כוכבא אין ברילן? ער וועט נאָך מאַכן טורליקעס פון גאַנצן טעאַטער. און אַן ברילן האָט אַרליוק ניט געקאָנט אַרויף צו דער בינע, ווײַל ער האָט ניט געזען אַ טריט פאַר זיך. ער האָט געוואָלט אַ מאָל אויסטאָן די ברילן בעת דער ליבעס־סצענע אין „די רויז פון סטאַמבול", איז ער שיעור ניט געהרגעט געוואָרן איבער אַן איבעריקן טרעפּל, וואָס מענדקע דער בינע־אַרבעטער האָט מיט אַ טעות צוגעשטעלט. אָבער דער טאַטע האָט ניט געהאַט קיין ברירה. האָט ער געמוזט נאָכגעבן. דער טעאַ־טער איז געשטאַנען פינצטער, פאַריתומט אין מיטן סעזאָן. אַקטיאָרן האָבן זיך געדרייט אָן אַ גראָשן ,זיי האָבן געדראָט פונאַנדערצולאָזן די טרופּע. אָט איז געקומען צו אים באָמבע ,אַן אייביקער מיטגליד אין טאַטנס אַנסאַמבל, אַ טרײַע נשמה. האָט ער זיך באַקלאָגט, אַז ער פילט זיך ניט גוט און דאָקטער יעדוואַבניק האָט אים געהייסן אַרויספאָרן אַ ביסל, בײַטן די לופט. וויל ער אַן אַוואַנס. דער טאַטע האָט אים אָנגעקוקט מיט זײַנע שוואַרצע, אומעטיקע אויגן, צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ, און ניט געוווּסט וואָס אים צו זאָגן, ווײַל די קאָסע איז געווען פּוסט, אויסגעראַמט ביזן לעצטן גראָשן. דערנאָך איז אים עפּעס אײַנגעפאַלן. ער האָט געזאָגט צו באָמבען:

— פאַרשטייסט ?... מיט אַן אַוואַנס איז ניט אַזוי געהויבן. דו ווייסט דאָך — דער סעזאָן האָט זיך אײַנגעבראָכן... אָבער וועגן בײַטן די לופט, וועלן מיר דיר דערליידיקן אויפן בעסטן אופן. דו האָסט די גאַנצע צײַט געשפּילט אין ישיבה־בחור. פיר אַקטן ביסטו געזעסן אין אַ בית מדרש. איצט וועסטו דאָך שפּילן אין בר־כוכבא, צווישן בערג, פעלדער, וועסטו בײַטן די לופט און וועסט קומען צו זיך...

דער נאַר האָט געשטופּט באָמבען איבערצודערציילן אַלץ בײַ

וועלפקען. די גאַנצע קנײַפּע האָט געפלאַצט פון געלעכטער. יאָרן נאָך דעם האָבן חברה לצים-אַקטיאָרן זיך גערייצט מיט אים!

— באַמבע, ווילסט בײַטן די לופט? ס׳איז דאָ אַ גוטע פּיעסע... מיט אַ סך וואַלד...



בר-כוכבא האָט מען געשפּילט. אָרליוק האָט געווישט די ברילן מיט אַ ברעג פון זײַן רויטער פּעלערינע, און געשיקט דאָס פאָלק — צוויי בלאַסע סטאַטיסטן, אין קורצע טוניקעס מיט פּיקעס, ראַטעווען ירושלים. סיאַמקע קאַגאַן האָט גאַרניט געשריבן. ער האָט געזען דעם חורבן, האָט ער מוותר געווען; אָבער דער טעאַטער איז דער-פון ניט גליקלעך געוואָרן. אָרליוק האָט ניט געקאָנט אויפהאַלטן די פאָרשטעלונג. דער עולם האָט ניט געגלויבט, אַז דאָס איז בר-כוכבא. אַפילו אויף די שבת-בייטאָגיקע פאָרשטעלונגען האָט מען ניט געפּאַטשט קיין בראַוואָ. די קינדער האָבן געיאָמערט אין מיטן שפּילן, אויס מורא פאַרן טומל אויף דער בינע. זונטיק האָט מען שוין אויפן האָלץ-מאַרק געוווסט, אַז אין בר-כוכבא זינגט מען ניט און מען טאַנצט ניט, מען האַלט אין איין ריידן. יאָרן האָט אָרליוק געשפּילט דעם עלעגאַנטן פאַרפירער, וואָס לאָזט תמיד איבער נאָכן צווייטן אַקט אַ מיידל מיט אַ בויך. און דאָ דרייט ער זיך אויף דער בינע אין אַ העלם באַפּוצט מיט אַ בעזעמל און סאַנדאַלן אויף די האָריקע פיס. ס׳איז ניט געווען ער און די פּיעסע האָט ניט געצויגן.

דער טאַטע איז געזעסן גאַנץ פרי אַליין אין טעאַטער. ער האָט געקוקט אויף די ליידיקע שטולן אַרום און געטראַכט וועגן ס׳גאַנצע געשעפט. אויף דער בינע האָט געברענט אַ דעזשורנער לעמפּל און געוואָרפן מער שאָטן ווי ליכט אויף די אויפגעהויפטע דעקאָראַציעס.

אַ זעלטענער שמייכל האָט פאַרבלאָנדזשעט צווישן זײַן באָרד און די וואָנסן. אָט איז דער פאַרמעג. אַ ביסל האָלץ מיט געפאַרבע-נעם לײַוונט. ווען ער בלײַבט בײַ דער דרוקערײַ איז ער איצט אַ גביר-אדיר. די מאַמע דערמאָנט עס אים יעדעס מאָל, ווען עס פעלט איר אויף דער הוצאה; אָבער אין דער דרוקערײַ איז אַלץ געווען שוואַרץ — די מאַשינעס, די אותיות, און אין טעאַטער איז

אַלץ פאַרביק, אַפילו דער דלות. דער טאַטע האָט אַזוי ליב קאָלירן, זוניקע שאַטירונגען. אַפּישן מאַכט ער אַליין. ער קאָן דעם פאַך בעסער ווי אַלע דרוקער. יאָרן האָט ער געאַרבעט אין די קונסט-דרוקערייען פון פראַנקפורט אַם מיין. אַלע פריַיטיק שטייט ער בײַם זאַץ-קאַסטן אין דרוקעריַי און פּראָוועט מודעות לויט זײַן פאַנ-טאַזיע. די דרוקער באַוווּנדערן זײַן אַרבעט; אָבער וואָס איז דערפון, אַז אַן אַפּיש אַליין ציט ניט קיין סבאָרן. און דאָ דאַרף מען אויס-האַלטן אַ שטוב מיט אַ ווײַב, מיט זעקס קינדער און אַ גאַנצע טרופּע. עטלעכע מאָל האָט דער טאַטע, זיצנדיק אַזוי אין די פּרימאָרגנס אַליין אין טעאַטער, באַשלאָסן, אַז שוין, מען דאַרף אויפגעבן. אַפילו די מאַמע איז שוין מיד. זי האָט זיך אויפגעהערט צו באַקלאָגן. בלויז פון מאָל צו מאָל זיפצט זי:

— פאַרברענט זאָל ווערן דער טעאַטער...

זי האָט קיין מאָל ניט באַמערקט ווי דער טעאַטער ברענט אָן איר זיפץ. דער טעאַטער האָט געברענט אין טאַטנס אויגן. ס'האָט געברענט מיט אַ שטיל פײַערל, ניט צו פאַרצוקן. נאָר צו דערוואַרע-מען אַ חלום, אַ טעאַטראַלן בלאָען חלום, וואָס וועט קיין מאָל ניט מקוים ווערן.

די מאַמע האָט פײַנט געהאַט טעאַטער. ניט אַזוי טעאַטער, ווי אַקטיאָרן. זי האָט געהאַלטן, אַז צו דעם פאַך קומען בלויז האָלעד-ריגעס און פוילענצער, וואָס ווילן ניט אויפשטיין פרי צו דער אַרבעט, ווי אַלע מענטשן. אויסער דעם האָט זי געטענהט, אַז דאָס איז ניט קיין פאַך, ווײַל אַלע קאָנען דאָס.

די מאַמע האָט אָנגעהויבן קינדלען, און דער טאַטע האָט פאַר-קויפט זײַן דרוקעריַי. אַ גאַנץ לעבן האָט זי דאָס אים ניט געקאָנט שענקען. די דרוקעריַי האָט געגעבן שטענדיקע פּרנסה, און דער טעאַטער האָט געגעבן פּרנסה מיט הפסקות.

פאַר צרות איז דער טאַטע אַוועק צו וועלפקען מוטלען אַ ביסל וועגן טעאַטער. דאָרט איז געזעסן אַברהם מאָרעוווסקי, ווײַט אָפּגע-רוקט פון טיש צוליבן בויך, געריסן שטיקער פון אַ קאַטשקע און געשריען מיט אַ הייזעריק קול:

— וועלפּקע, כ׳בין הונגעריק !...

מאַרעווסקי איז געווען דער רײַכסטער אַקטיאָר אין ווילנע. ער האָט פאַרמאָגט זײַן אייגנס אַ הויז פון פיר גאָרן, אָבער דאָס הויז האָט ניט געקלעקט פאַר זײַן אַפּעטיט. לויט זײַן עסן האָט האַלב ווילנע געדאַרפט געהערן צו אים. כאָטש ער און דער טאַטע זײַנען געווען גוטע חברים, איז שווער געווען צו ריידן מיט אים וועגן שטעלן אַ סעזאָן. מאַרעווסקי האָט געמוזט פאַרדינען זייער אַ סך, אַלץ צוליבן עסן. פאַר זײַנע באַדערפענישן האָט מען אים געדאַרפט באַלד אָפּגעבן די גאַנצע קאַסע. פון דעסט וועגן האָט דער טאַטע געפּרוווט ריידן מיט אים. מאַרעווסקי האָט געגריזשעט אַ פּאָלקע און געבורטשעט :

— משה, ס׳איז ביטער... איך עס שוין באַלד דעם פערטן גאָרן...

דאָס האָט ער געמיינט וועגן זײַן הויז, וואָס איז שוין באַלד ניט זײַנס צוליב די חובות אין די בענק.

די איבעריקע אַקטיאָרן האָבן געגעסן בוריקלעך מיט קאַרטאָפל און געוואָרפן דרך-ארצדיקע בליקן אויף מאַרעווסקיס קאַטשקע. דאָס איז געווען פאַר זיי אַ נאַטירלעכע זאַך, אַז מאַרעווסקי דאַרף עסן עוף. אויסער זײַן פאַרמעגן, וואָס אָט גייט עס אויס, איז מאַ-רעווסקי געווען דער אייביקער גאַסטראָליאָר, דער שיינדל פון יעדער טרופּע. דער געלערנטער, מיט אַ ראָזמאַך אויף דער בינע.

דער טאַטע האָט געמאָלדן, אַז ער איז דורכגעקומען מיט מאַ-רעווסקין און אַלע אַקטיאָרן האָבן מברך געווען. קוזניעצאָוו האָט שוין געוואָלט אַרײַנטראָגן אַ פּאָרשלאָג וועגן אַ גלעזל בראָנפן, אָבער ס׳איז נאָך געווען ווײַט צום טרונק. אַלעם ערשט האָט מאַ-רעווסקי געדאַרפט פּראָווען טיש. דאָס איז אים געקומען פון זינט ער האָט געשפּילט דעם מיראָפּאָליער צדיק אין דיבוק און אויפ-געטרודערט די גאַנצע וועלט. די גאַנצע טרופּע האָט זיך צוגעזעצט צום גאַסטראָלאָרס טיש און אין איינע יעי איז געוואָרן אַ משפּחה, אַ טעאַטער-משפּחה מיט קריגערײַען איבער אַ ראָלע, מיט קינאה צוליב אַ גרעסערער בראַוואָ-פּאַטשערײַ, און מיט ליבשאַפט איינער צום אַנדערן, ווי געוויינלעך אין אַ משפּחה.

מאַרעווסקי האָט געגעבן פּרטים וועגן דער פּיעסע, וועגן די ראָלן, און דערבײַ געוואָרפן דברי טעאַטער-תּורה. געטע האָט געזאָגט, אַז דאָס איינציקע וואָס מען פאָדערט פון אַ זשעני, איז די ליבע צום אמת. ראַלאַן האָט געזאָגט, אַז דער ציל פון קונסט איז ניט דער חלום, נאָר דאָס רעאַלע לעבן. סטאַניסלאַווסקי האָט געזאָגט...

אַקטיאָרן קוקן מאַרעווסקין אין מויל אַרײַן. מען שלינגט יעדעס וואָרט. אַפילו באַמבע, וואָס גלייבט שוין לאַנג ניט, אַז מען קאָן מאַכן סבאָרן אָן אַ טאַנץ און אָן אַ לידל, לייגט אויך צו אָן אויער. דער טאַטע זיצט בײַ דער זײַט, די ברילן אויפן שפּיץ נאָז, און מאַכט חשבונות אויפן דעקל פון זײַן שאַכטל פּאַפּיראָסן. ער ציט אונטער מיט דריבנע ציפער דעם סך הכל הוצאות און זעט אַז ער וועט ניט אַרויסקריכן אַפילו בײַ פולע הײַזער; אָבער וואָס איז דאָס וויכטיק? דער עיקר, מען וועט שפּילן. מאַרעווסקי וועט שטעלן אַ פּיעסע. סיאָמקע קאַגאַן וועט צעטומלט ווערן. דער עולם אויך.

סיאָמקע קאַגאַן איז טאַקע צעטומלט געוואָרן. ער האָט זיך די אויגן ניט געגלויבט. נאָך רעגינע צונזער האָט מאַרעווסקי געשטעלט אַלטער קאַציזנעס אַ פּיעסע מיטן נאָמען „דער דובּוס". אויפן בינע האָט זיך געטאָן. די ברעטער האָבן זיך געטרייסלט. דער רעזשיסער האָט געהייסן רודינען בויען גאַנצע שלעסער. זאַקאָוויטש האָט געבראַכט צושלעפּן אַ רעקוויזיט פון צען אַנדערע פאַרשטעלונגען און באַמבע, דער געהילף-רעזשיסער האָט געקליבן פון דאָרט אַנטו-עכץ און גאַרטלען פאַר דעם פּוילישן אַדל, וואָס האָט געדאַרפט פאַראַדירן אויף דער בינע. עפראַן דער מאָלער האָט אויסגעפאָרבן אַ פירשטלעכן הויף אין גאָלד - און זילבער-פאַרבן. מאַרעווסקי אַליין, מיט צוגעקלעפּטע שליאַכטשיץ-וואָנסן, אָנגעטאָן אין גרינע שאַרעוואָרן האָט געשפּילט דעם דובּוס, דעם קאַפּריזנעם פּריץ. אַ הייזעריקער האָט ער געפאָדערט בײַ זײַן אַרענדאַר, דעם אַקטיאָר שלמה קוטנער, יענער זאָל טאַנצן דעם בערן-טאַנץ בעתן גרויסן באַל, וואָס ער מאַכט פאַר די הויכגעשטעלטע געסט. די סצענע איז אין דער פּיעסע ניט געווען, אָבער די רעזשיסערישע אַמביציע האָט

אים געטאָרעט אַרײַנצושטעלן אין דער פֿאַרשטעלונג אַ בערן-טאַנץ. ער האָט זיך גאָר ניט פֿאַרגעשטעלט וואָס אָט דער קינסטלער-קאַפּריז וועט אים קאָסטן.

דער טאַטע איז אויסגעלאָפֿן אַ האַלבע שטאָט ביז ער האָט דאַבוּוועט אַ בערן-פֿעל. זאַקאָוויטש האָט עס ניט געהאַט אין זײַן ריעקוויזיט. ער האָט גאָר פֿאַרגעלייגט איבערמאַכן אַ ביסל די פּיעסע. זאָל קוטנער טאַנצן אײַנגעוויקלט אין אַ לײַלעך, וועט זײַן אַ געלעכ-טער און די פּיעסע וועט גיין און גיין. קוטנער האָט געטאַנצט טשעט-שאָטקעס, ווי אַן אמתער סטעפּ-טענצער. ס'איז געווען וואָס צו זען. ווען מאָרעווסקי האָט וועגן דעם געהערט, איז ער געוואָרן אַזוי אויפגערעגט, אַז ער האָט באַלד אינגאַנצן פֿאַרלאָרן די שטים. ער האָט געדראָט, טאָמער ברענגט מען ניט קיין בערן-פֿעל, גייט ניט די פּיעסע. בײַם באַנקיר בונימאָוויטש איז אין סאַלאָן געלעגן אַ בערן-פֿעל. אַ ריכטיקע. אַ ברוינע פֿעל מיט אַ קאָפּ און אויסגעע-שטשירעטע ציינער. דער טאַטע האָט עס געדענקט פֿון זײַנעם אַ באַזוך בײַם באַנקיר אין הויז, אויף פּאַהולאַנקע. איז ער אַוועק אין באַנק און אויסגעלייגט זײַן בקשה. אין ווילנע האָבן אַלע געהאַט אַ שוואַכקייט צו טעאַטער, אַפֿילו באַנקירן. דער טאַטע האָט קיין סך ניט געדאַרפֿט ריידן, בונימאָוויטש האָט גלײַך באַפֿוילן מען זאָל אַוועקשלעפּן די פֿעל אין טעאַטער אַרײַן.

שלמה קוטנער האָט געטאַנצט דעם באַרימטן בערן-טאַנץ, אײַנגעהילט אין דער פֿעל האָט ער געשטעלט שווערע טריט, נאָכ-געמאַכט דעם גאַנג פֿון אַ בער אין אַ געדיכטן וואַלד. קוטנער האָט אַרײַנגעלייגט אין אָט דעם טאַנץ די גאַנצע צעבראָכנקייט פֿון יידישן גורל. יעדער זײַן מגושמדיקער שריט האָט געאָטעמט מיט אומבאַ-האָלפֿענעם פּראָטעסט קעגן דער דערנידעריקונג. קוטנער, דער אייביקער לץ אין אַלע האַרצרײַסנדיקע מוזיקאַלישע מעלאָדראַמעס, האָט זיך געהאַט אַזוי איבערגענומען מיט זײַן ראָלע, אַז ער פֿלעגט יעדן שפּאַן באַגלייטן מיט אַ קרעכץ, אַזאַ ביטערן, תּרעומתדיקן קרעכץ, וואָס האָט זיך געריסן פֿון דער בינע צו אַלע הימלען.

דער עולם איז געזעסן פֿאַרבליפֿט. קוטנער האָט געמאַכט אַ

רושם. מען האָט נאָר גערעדט וועגן זײַן בערן-טאַנץ. נאָך אָט דער סצענע האָט מען קוים געקאָנט אײַנשטילן די אָוואַציעס.

מאַרעווסקי האָט זיך געוואָרפן. מיט קיין זאַך ניט געווען צו-פרידן. אַקטיאָרן האָבן זיך איבערגעוווּנקען. קוטנער גנבעט אַוועק די פאַרשטעלונג. ווי נאָך, אַז סיאַמקע קאַגאַן האָט געשריבן אין זײַן רעצענזיע מער וועגן קוטנערן, ווי וועגן אים, מאַרעווסקין, איז אַדורך אַ פײַער אין טעאַטער. סיאַמקע האָט געשריבן, אַז דער שוישפּילער שלמה קוטנער האָט זיך אַרויסגעהויבן פון שונד-זומפּ און געשאַפן אַ געשטאַלט, וואָס קאָן דינען ווי דער פּראָטעסט-סימבאָל פון דעם קליינהענדלער קעגן גרויס-קאַפּיטאַל. זײַן בערן-טאַנץ ברענגט דעם גרוס פון אַ מדינה, וואָס האָט באַגראָבן אַלע פּריצים און באַשײַנט די גאַנצע וועלט מיט פּראָלעטאַרישער קונסט. וועגן מאַרעווסקין האָט סיאָמקע געשריבן, אַז זײַנע מאַגנאַטן-וואָנסן זאָגן כמעט גאָרניט.

מאַרעווסקי האָט אין איין שיינעם טאָג אָביאַוועט דעם טאַטן, אַז ער שפּילט ניט מער. קוטנער מאַכט פון זײַן ראָלע אַ שאַפּקע. ער איז ניט צוגעוווינט צו קיין ערנסטע ראָלן. און בכלל...

דער טאַטע האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נאָר גערעדט צו פאַרדעקן די אַקטיאָרישע קינאָה. האָט ער גערעדט צו זײַן גאַסטראָליאָר:

— אָווראָם, די פּיעסע גייט אַזוי גוט. אַלע אָוונט איז אויס-פאַרקויפט. מען שרײַבט וועגן דער פאָרשטעלונג אין אַלע צײַטונגען...

מאַרעווסקי האָט אויפגעהויבן אויפן טאַטן אַ פּאָר אויגן פון אַ טאַטערשן גזלן:

— מען שרײַבט, האַ?...

ער האָט נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן, מן הסתם דערמאָנען סיאָמ-קען, האָט ער זיך פאַרכריפּעט. פון גריזאָטע איז ער אַוועק צו וועלפקען אויפעסן אַ גוט שטיקל שפּאָנדרע מיט ראָסל.

דערווײַל האָט זיך געמאַכט און קוטנער איז קראַנק געוואָרן. ער איז אַרויס אַ צעפּאַרעטער פון דער בערן-פעל גלײַך אין דער קאַלטער גאַרדעראָב און געכאַפּט אַ פאַרקילונג. מען האָט געמוזט

איבעררײַסן די פֿאָרשטעלונג. דער טאַטע האָט געזאָגט מאָרעווסקין, אַז אפשר איז כּדאַי צו פֿאָרן קיין וואַרשע אין אַרטיסטן-פֿאַראיין כאַפּן ווענמען צו דער ראָלע פֿון קרעטשמער. האָט מאָרעווסקי זיך אויפֿגעשטעלט און געזאָגט ניין — מען פֿאָרט ניט, און מען כאַפּט ניט קיינעם אויף קוטנערס אָרט. ער איז ניט, חלילה, מסוכּן קראַנק. דער עולם וועט וואַרטן אַ וואָך ביז ער וועט געזונט ווערן.

מאָרעווסקי האָט געקאָנט וואַרטן. ער האָט נאָך פֿאַרמאָגט זײַן שטיקל מויער. דער טאַטע האָט פֿאַרמאָגט בלויז חובות. ער האָט איין טאָג ניט געקאָנט וואַרטן. מען האָט זיך געריסן פֿאַר בילעטן. דודקע די פֿאַליקע, דער גלאַוונער איבערפֿאַרקויפֿער, וואָס פֿלעגט בײַ יעדן שלאַגער ספּעקולירן מיט די בילעטן, זיי פֿאַרקויפֿן פֿאַרנאַכט בײַ דער פֿאַרמאַכטער קאַסע מיט רווח, האָט זיך געבעטן: רב משה, נאַט אײַך געלט פֿאַר צען פֿאָרשטעלונגען פֿאָראויס!... און דאָ וויל גאָר מאָרעווסקי ניט שפּילן. האָט דער טאַטע בנעימותדיק אים דערמאָנט:

— אַוראָם, האָסט דאָך געזאָגט, אַז די קאָנסט מיט אים ניט שפּילן. ער רײַסט דיר אַראָפּ גאַנצע סצענעס. איצט הייסטו גאָר וואַרטן ביז ער, קוטנער, וועט געזונט ווערן.

דער שמועס איז פֿאָרגעקומען בײַ וועלפּקען אין רעסטאָראַן. מאָרעווסקי האָט זיך אָפּגערוקט פֿון טיש, די בויך זאָל האָבן מער פּלאַץ. ער האָט אָפּגעווישט די ליפּן, אַ רגע זיך שטאַרק פֿאַרטראַכט. דערנאָך האָט ער געפּרוּווט מיט אַ טיפּן הוסט אָפּרייניקן די שטים. ס'האָט ניט געהאָלפֿן. אַלץ איינס איז ער געבליבן הייזעריק. האָט ער אויפֿגעגעבן דעם הוסט און אויסגעכריפּעט:

— משה, ביסט אַזוי פֿיל יאָרן בײַם טעאַטער, און די פֿאַר-שטייסט נאָך אַלץ ניט, אַז כּל-זמן קוטנער שטייט אויף דער בינע און מען פּאַטשט אים בראַוואָ, בין איך אים אַ דם-שונא. ליגט ער, אָבער, אין בעט אַ קראַנקער, איז ער מײַנער אַ חבר, און נאָך דערצו אַ טאַלאַנטפֿולער חבר...

ביידע, דער טאַטע מיט מאַרעווסקין, זײַנען אַוועק מבקר חולה זײַן קוטנערן.



אין זאַלקינדס מויער, ווו ס׳האָט געגעסטיקט דער „פּאַלאַס-טעאַטער״, איז אויסגעבראָכן אַ שׂרפה. פון גאַנצן טעאַטער זענען געבליבן עטלעכע האַלאָוועשקעס. אַלץ איז אַוועק מיטן פײַער. די דעקאָראַציעס האָבן געברענט ווי קין. די שטולן אויך ניט ערגער. בלויז די נעגל, וואָס מענדקע האָט גענוצט בײַם פעסטיקן די קוליסן, זענען געבליבן. זיי האָבן זיך געוואַלגערט ווי ווערעם נאָך אַ רעגן אויף דער פאַרגאַסענער בינע.

די מאַמע האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל — פּטור געוואָרן. איצט וועט דער טאַטע זיך מוזן נעמען צו אַ האַפּטיקער פּרנסה. אָבער ווו?... ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט, איז דער טאַטע געקומען אַהיים מיט אַ שמאַלץ-הערינג, מיט צוויי שפּאַנישע ציבעלער און מיט אַ גוטער בשׂורה.

צו ערשט האָט ער געהייסן קוילענען דעם הערינג. בײַם טיש האָט דער טאַטע געמאָלדן אַז ער גייט אַריבער אין ציניזועליס צירק, אויף לודוויסאַרסקע גאַס. ער האָט שוין גערעדט מיט דעם באַלעבאָס, מיט קרענגלען. די מאַמע האָט געשיילט די ציבעלע און געשוויגן. אירע טרערן, האָט דער טאַטע געפּרוווט זיך אײַנריידן, איז פון דער ציבעלע; ווײַל זי דאַרף זיך גאָר פרייען. אָט גייט מען צוריק אויפשטעלן אַ טעאַטער. נאָכן עסן האָט דער טאַטע פאַרשריבן אַ פּאַפּיראָסן-שאַכטל פון ביידע זײַטן מיט דראָבנע ציפער, גערוקט עס צו דער מאַמען זי זאָל זען וואָס דאָס איז פאַר אַ גוט געשעפט. די מאַמע האָט געשטופּט פון זיך די שאַכטל און געקרעכצט:

— אוי, מיישע, דו קריכסט אין נײַע צרות...

אין ציניזועליס צירק איז די מאַמע געווען איין מאָל, ווען זישע ברייטבאַרט האָט דאָרט געבויגן אײַזן אויפן קני. זי איז געקומען פון דאָרט אַ פאַרפלאַמטע. ניט פון דעם פרענט, וואָס זישע ברייטבאַרט האָט געוויקלט אויפן אָרעם ווי אַ רצועה, נאָר ווי ער איז

דאָס אַרויסגעפּאָרן אויף דער אַרענע מיט אַ רײַטוואָגן. ווי ער האָט עס אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די פּעלערינע. ווען אָרליוק זעט אַזוי אויס אין בר-כּוכבא, וואָלט די קאַסע אויך אַנדערש אויסגעזען. כּידוע איז ברייטבאַרט געווען אַ שטאַלטנער מאַן. די ווײַבער אין ווילנע זענען געווען פּילבאַר אויף מענערישע שיינקייט. אַט האָט דער קראַסאַוויעץ בן-ציון וויטלער געשפּילט באַנדיט-דזשענטלמען. גלײַך אין ערשטן אַקט האָט ער געדאַרפט גיין שלאָפן און אָנטאָן אַ פּידזשאַמע. אַלץ אויף דער בינע. די ווײַבער אין זאַל האָבן געשטור-כעט איינע די אַנדערע מיט די עלנבויגנס, זיך געשושקעט:

— זע, אַ ווייטיק איז מיר, זע אַ גוף...

דער טאַטע האָט אויך געוואָלט נושׂא חן זײַן בײַ די ווײַבער, זײַנע בעסטע קונדן, האָט ער יעדע צוויי וואָכן צוגעשאָרן די באָרד בײַ בענדלען דעם פּאַריקמאַכער.

די מאַמע האָט זיך גאָרניט געקאָנט פאָרשטעלן ווי ווער מען אין צירק שפּילן טעאַטער; אָבער בײַם טאַטן האָט געשפּילט די פאַנטאַזיע. דער צירק האָט באַנקראָטירט. די פּאָר חיות האָט מען אָפּגעגעבן בחצי חינם דעם זאָאָלאָגישן גאָרטן. די אַרענע וועט מען פאַנאַנדערנעמען. מען וועט בויען אַ בינע, אַוועקשטעלן שטולן, און דאָס איז עס.

דער טאַטע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו רודינען, דעם טעאַט-ראַלנעם סטאָלער. רודין האָט יאָרן געשלעפּט שטיקער סטאַוועס הינטערן פאָרמאַכטן פאָרהאַנג בעת די הפסקות. און פאַר כּעס, וואָס גאָט האָט אים געגעבן אַ בײַנאַכטיקע ברויט, האָט ער געהאַקט מיטן האַמער ס'זאָל קלינגען אין זאַל. נאָך דער מאַמען איז עס געווען דער צווייטער וואָס האָט פײַנט געהאַט טעאַטער. רודין איז שוין צען מאָל געווען אַוועק און געקומען צוריק. ער האָט געטענהעט, אַז מען האָט אים אָפּגעטאָן אַ כּישוף. ווי ער האָט עס פײַנט, ציט עס אים, די טומאה. ער האָט געהערט אויף וואָס דער טאַטע גייט זיך פאַר-נעמען, האָט ער אַרויסגעבורטשעט:

— רב מיישע, איכל ניט קריכן אויף די צירקאָווע קראַקוועס.

איך וויל צוציען מײַנע פּאָר פּינצטערע יאָר אין טעאַטער מיט גאַנצע פּיס. פּאַר די אַרבעט זוכט גוים.

דער טאַטע האָט אַזוי געטאָן. ער איז אַוועק אויף נאָווישוויאַט, ווו ס'האָבן געוווינט די סטאָראָוויערן. יענע זײַנען געווען טעסלאַרעס מיט אַ שם אין דער גאַנצער געגנט. ס'האָט לאַנג ניט געדויערט און אין צירק זײַנען געזעסן רײַטנדיק אויף קלעצער בערדיקע רוסן און געטעסעט מיט שאַרפע העק, ווי די בריטוועס, בעלקעס פאַרן טעאַ-טער. דער טאַטע איז געגאַנגען פון איינעם צום אַנדערן און געפּרוווט געבן עצות ווי צו אַרבעטן.

ווידער איז געוואָרן אַ טעאַטער. אויף לודוויסאַרסקע זײַנען געגאַנגען גרויסע פאָרשטעלונגען, מיט סטאַטיסטן, מיט כאָריסטן. אַפילו אַ לעבעדיקער פערד איז אויפגעטראָטן אויף דער בינע. רודאָלף זאַסלאַווסקי האָט זיך אײַנגעעקשנט — אין טביה דער מילכיקער מוז ער אַרויספאָרן אויף דער בינע מיט פערד און וואָגן, ווי שלום-עליכם האָט געשריבן. דעם טאַטן איז סתם געפעלן געוואָרן די זאַך. איז ער אַוועק אויפן האַלץ-מאַרק און געבראַכט פון דאָרט אַ פערד מיט אַ וואָגן. דער פויער פון די בולבעס, דער באַלעבאָט פון אָט דעם געשפּאַן, פלעגט נעבעך זיצן אַלע אָוונט אַן אײַנגע-דרייטער הינטער די קוליסן, און וואַרטן ביז טביה וועט זיך אויס-טענהען מיט גאָט און אַראָפּפאָרן פון דער בינע.

שבת צו נאַכט האָט זיך די גאַליאַרקע געבראַכן פון מענטשן. אַ יידענע האָט זיך אַזוי געהאַט איבערגענומען, אַז זי האָט געחלשט בעת אונדזער שוועסטער דווירקע מיט נאָך אַ מיידעלע האָבן געזונגען „מיר וועלן דיר געדענקען", ווען מען נעמט צו זייער טאַטן אויף פערציק יאָר קאַטאָרגע. קאַלוואַרייסקער באַלעבאָסטעס פלעגן אַרויסגיין פון טעאַטער מיט רויטע, פאַרשוואָלענע אויגן, שילטן דעם פאָדליעץ, דעם פאַרפירער.

די גאַנצע שטאָט האָט געקאָנט דאָס טעאַטער, ווײַל אַלע זײַנען דאָרט געגאַנגען. פון קליין ביז גרויס, פון אָרעם ביז רײַך, פון אויי-בערוועלט ביז אונטערוועלט. סאַשקע דער גראַף האָט געהאַט זײַן שטענדיקן פּלאַץ אויף יעדער פּרעמיערע. אין טעאַטער האָט ער

געהאַלטן שטאַט, ניט געפּרוּווט ווערן רייכער מיט אַ פרעמדן פוגי-לאַרעס. בלויז איינמאָל האָט דער טאַטע געהאַט דורך אים אַ פּאַר-דראָס. אַ ייִד פון אַמעריקע האָט זיך באַקלאָגט פאַר דעם טאַטן, אַז מען האָט בעת דער פאַרשטעלונג אַרויסגעצויגן בײַ אים דעם פּאַס-פּאָרט מיט הונדערט דאָלאַר, און ער פאָדערט דעם שאָדן. דער טאַטע איז גלײַך געגאַנגען צו סאַשקען, כּלומר פרעגן אַן עצה. סאַשקע דער גראַף האָט צורעכט געמאַכט דעם שניפּס און מיט גרויס ווירדע צוריקגעגעבן דעם פּאַספּאָרט. דערבײַ האָט ער געזאָגט:

— רב מיישע, אָט האָט איר דעם פּאַספּאָרט. זאָל דער יאָלד זען וואָס ווילנע איז און אין וואָס פאַר אַ טעאַטער ער איז געווען, אָבער וויסן זאָלט איר, אַז דער אַמעריקאַנער איז אַן אַפעריסט, אַ ווייסל פון אויג. ער האָט אײַך אָפּגענאַרט. דאָרט איז געלעגן צוואַנציק דאָלאַר, ניט קיין הונדערט. איר דאַרפט אים דאָס אויסריידן.

וואָס האָט אַ ייִד מיט אַ באָרד און אַ גמרא אין האַנט געזוכט אין טעאַטער. וועלכן חלום האָט ער געוואָלט געפינען צווישן פּאַפּי-רענע בלומען און גרינע בלעטער, אויסגעשניטן פון זאַק-לײַוונט? דעם חלום פון עשירות? זיכער ניט. די גראַנדיעזע פאַרשטעלונג, וואָס זאָל אויפרודערן אַ וועלט? אויף דעם האָט ער קיין מיטלען ניט געהאַט. איז וואָס? בלײַבט איבער אַז ער האָט עס פּשוט ליב געהאַט. ער האָט ליב געהאַט די רייד אַרום דעם, די דערוואַרטונגען, די חברה לצים, אַקטיאָרן — די גאַנצע פאַרביקע טעאַטער-וועלט, וואָס כּישופט און שימערירט מיט לעמפּלעך פון אַלע קאָלירן.



די מאַמע גייט אַמאָל אַרויף אויפן טעאַטער-הויף, דערזעט זי ווי גויים צוימען דאָס שטיקל פרײַע ערד, פאַר דער טיר פון פּאַיע. זי האָט געפרעגט וואָס זיי טוען, האָבן זיי געענטפערט, אַז דער טאַטע האָט זיי געדונגען צו מאַכן אַ גאָרטן. די מאַמע האָט זיך צעשריען:

— גזלן, די גייסט שוין ווידער פּטרן געלט?!..

האָט איר דער טאַטע רואיק דערקלערט, אַז אַזאַ גאָרטן וועט צוציען באַזוכער אין טעאַטער. דער עיקרשט זומער-צײַט, אין די

טויטע סעזאָנען. דערוויַיל האָט ער זיך אַרויסגערעדט וועגן זײַנע וויַיטערדיקע פּלענער. אַרום גאָרטן וועט מען זעצן קוסטעס און אין מיטן וויל ער פֿאַרפּלאַנצן אַ בוים. די מאַמע האָט אים אָנגעקוקט מיט גלעזערנע אויגן, ווי ער וואָלט געקומען פֿון גאָר וויַיט. דערנאָך האָט זי אַ פֿאַרזאָרגטע אים געפֿרעגט:

— מיישע, ביסט געזונט?...

—?...

— יאָרן ווי דו דרייסט זיך צווישן בוימער געמאַכטע פֿון פּאַפּיר. האָסטו זיך פּלוצעם דערמאָנט, אַז אַ בוים פֿלאַנצט מען, ניט מען קלאַפּט אים אויף פֿון ברעטלעך...

דער טאַטע האָט געזיפֿצט:

—ווי איך טו, טויג ניט. האָסט דאָך אַ גאַנץ לעבן געשריען כ׳זאָל זיך פֿאַרנעמען מיט האַפּטיקע זאַכן, איז אָט...

דער בוים האָט דערנאָך געגעבן ברוינע, גלאַנציקע קאַשטאַנעס. קינדער פֿון הויף האָבן זיי געזאַמלט אין די קאַרטוזלעך, געקאַכט פֿון זיי טינט. אַקטיאָרן זיינען געזעסן אונטערן בוים, געבעטן איינער בײַם אַנדערן אַ פּאַפּיראָס און געשפּילט אין קאָרטן אויף אָפּצוגעבן. דער טאַטע איז אומגעגאַנגען איבערן גאָרטן, געזוכט צווישן די קוסטעס אַ מחשבה צו אַ נײַעם שלאַגער, דער טעאַטער זאָל גיין.

דער טעאַטער איז אַוועק אין דער אייביקייט צוזאַמען מיט דעם טאַטן.

דער בוים איז געבליבן.

# מענדע דער שמיד

מענדע דער שמיד האָט נאָך געקאָנט לעבן אַ גוטע פּאָר יאָר, ווען ניט די קאַקאַאָ. אַזוי האָט מען גערעדט אין ווילנע. און ניט אַזוי אין ווילנע, ווי אויף גלעזער-גאַס, ווו מענדע האָט געהאַט זײַן קוזניע. זקנים אין הויף האָבן געדענקט ווי מענדע איז געקומען אויף דער גאַס. ס'איז פּונקט געווען אין דעם טאָג, ווען איטשע פון די אַלטע זאַכן האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער, באַשינקען. איטשע האָט געהאַט אַ באַרג מיט טעכטער. אַזוי איז אַלץ צוגעגאַנגען זייער בעלי-בתיש, מיט אַ וויטישן פּיר; נאָר האַרט פאַרן אַרײַנגיין אין דער אויסגעקאַלכטער סאַלקע, איבער זײַן קרעמל, וואָס ער, איטשע, האָט אָנגעגעבן אין נדן ווי אַ דירה פאַר דעם יונגן פּאַרפּאַלק, איז אַרויס אַ שטיק מחלוקת. די יונגע בעל-הביתטע האָט זיך צעשריִען, אַז די שוויגער האָט פאַרקוועטשט דרײַ לײַלעכער, וואָס מען האָט געוואָרפן דרשה-געשאַנק. ס'איז אַרויס אַ ספּאָר איבערן גאַנצן הויף און ווער ס'האָט געהאַט אַ האַנט, האָט געמאַכט אַ פויסט.

דעם אמת געזאָגט האָט דער חתן קיין דרשה ניט געהאַלטן. ער איז געווען אַ זאַיִקע. אָבער מינהג בלײַבט מינהג. די דרײַ לײַלעכער האָט געוואָרפן דרשה-געשאַנק אַברהמקע דער אַנאַרכיסט, פון די וויכטיקסטע סוחרים אין דורכהויף, און זיי זײַנען ווי אין דר'ערד אַרײַן. די אַבידע איז געווען זייער גרויס און די שוויגער האָט געלייקנט שטיין און ביין. מענדע האָט געזען אַז מען וועט דאָ ניט אַרויסקריכן, האָט ער אָנגעהויבן מאַכן אָרדענונג. צו ערשט האָט ער פונאַנדערגעשאַרט די מחותנים. דערנאָך האָט ער פאַרסטראַשעט דאָס יונגע פּאַרפּאַלק:

— ווער ס'וועט זיך ספּוזשען, וועט מען אים אָנטאָן אַ כאָמעט! ס'איז געוואָרן רויִק.

די לײַלעכער האָט מען טאָקע ניט געפונען, אָבער באַשינקע

האָט ניט פאַרגעסן אָפּצודאַנקען מענדען. זי האָט אויך איבערגע-בעטן די שוויגער און מענדע איז געזעסן אויבנאָן ביים שבתדיקן טיש, כדי צו העלפן בייקומען דעם ערשטן טשאָלנט.

דאָס עסן איז געווען מיט אַ פּאַרנעם. אָנגעהויבן האָט מען מיט פלאָטקעס אין זיס-און-זויערן. צו דעם האָט מענדע געבעטן אַ ביסל ספּירט. ס'איז נאָך געבליבן פון דער חתונה. האָט מענדע גענומען אין האַנט אַ טייגלאָז, אין דער צווייטער דאָס פלעשל און וויטלעך פון די אויגן פּאַוואָליע אָנגעגאָסן פּונקט אַ פערטל גלאָז, ווי אָפּגע-שניטן מיט אַ מעסער. דערנאָך האָט ער פייערלעך אויסגערופן:

— לחיים!...

און אַזוי, צוהאַלטנדיק מיט דער לינקער האַנט די פּאַטילניצע, ווי ער וואָלט מורא געהאַט דער קאָפּ זאָל אים ניט אַנטלויפן פון דער שטאַרקער משקה, האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם ספּירט גלייך אין גאָרגל אַריין.

די אַנדערע ביים טיש האָבן אויך גענומען צו קאָפּעלעך. מען קאָן זאָגן — פינגערהוטן. אַלע אַרום האָבן זיך געבלאָזן, געפּרייכט, ניט געקאָנט בייקומען די שׂרפה אויפן גומען, בלויז מענדע איז געזעסן ווי ניט אים מיינט מען, און געוואַרט אויף זיין טעלער טשאָלנט.

דער טשאָלנט האָט פאַרשמעקט די סאַלקע. באַשינקע האָט זיך געוואָלט ווייזן פאַר דער שוויגער, האָט זי אין טשאָלנט אַריינגעלייגט דעם לעבן: גרויסע פערלגרויפּן, וואָס מען רופט זיי פענצאַק, מיט קאַרטאָפל, צוקער-בעבלעך, אַ פּאָר קעלבערנע פיסלעך און אַ קוגל אויף טוקעווע שמאַלץ; אויך אַ קישקע אָנגעשטאָפּט מיט פאַרפל און עטלעכע מאַרכביינער, אַ סגולה דער טשאָלנט זאָל ניט אַרויס טרוקן. מענדע האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש גרעבער און העכער ווי ער האָט זיך געהאַט אַוועקגעזעצט.

די פאַרבעטונג צו קומען עסן טשאָלנט, האָט מענדע גערן אָנ-גענומען. ער האָט געלעבט אין הויף איינער אַליין, אָן אַ משפּחה.

אויף גלעזער-גאַס האָט מען זיך דערוווּסט מער פּרטים וועגן מענדעס לעבן. ס'איז געקומען אַ הענדלער פון ניט-הי, האָט ער

דערציילט, אַז מענדע האָט געהאַט אַ קוזניע אין אַ דערפל, ניט ווייַט פון מייַשעגאָלע. די פויערים פון דער געגנט האָבן בייַ אים געשמידט די פערד, געצײנדלט סערפּן, געשטעלט אין די רעדער בוקסעס. מען האָט אים געטראָגן אויף די הענט. איין בעל-מלאכה אין דער גאַנצער געגנט. האָט אים אָבער געטראָפן אַן אומגליק: זייַן ווייַב איז געשטאָרבן אין קימפּעט. דאָס האָט אים אײַנגעבראָכן. ס׳איז געווען בייַ אים אַ ליבע. ער האָט בחורווייַז געקאָנט טאָן די שענסטע שידוכים. האָט ער גענומען אַ מיידל אַן אָרעמע, אין איין העמד, נאָר זייער אַ געראָטענע אי אין שטוב אי אין פעלד. און אַ איידעלע איז זי געווען, מען האָט ניט געהערט קיין פּאַרע פון איר מויל. האָט מענדע פון צרות פאַרקויפט דאָרטן די קוזניע און געקומען אין ווילנע צו פאַרגעסן זייַן בראָך.

מענדע האָט געפונען אַ פּוסטע סטאָדאָלע אינעם דורכהויף אויף גלעזער-גאַס און דאָרטן פאַרלייגט אַ קוזניע. די קוזניע האָט זיך עפּעס ניט געפּאַסט צום רומל. דער הויף איז געווען אַ סוחרישער. אָנגעהויבן פון איטשעס אייַנגעפונדעוועטן סקלאַד מיט די אַלטע זאַכן, האָבן זיך געצויגן בייַ די ווענט קעלערס מיט פעסלעך געזייַערטן קרויט, קרעמלעך מיט אייַזנוואַרג און עטלעכע קאַמערן אויפצוקויפן שמאַטעס פאַר באַלבערישקעס פּאַפּירפאַבריק. איין מענדע אין גאַנצן הויף האָט געהאַלטן אַ געצייַג אין האַנט. אַפילו די פערד, וואָס מ׳האָט געבראַכט צו מענדען האָבן זיך דאָ ניט געפילט היימיש. זיי האָבן געדרייט מיט די קעפּ, געזוכט אַ גרעזל, געפּאַרשקעט מיט די נאָזלע-כער. דערנאָך זענען זיי געבליבן פאַראומערטע, מיט איין פוס פאַר-בויגן אויף מענדעס אַ קני און זיך ניט אומגעקוקט ווי יענער שניצט די קאָפּעטע, גרייט צו אַן אָרט פאַר אַ פּאָדקעווע.

אַלטע לייַט האָבן כיכיקעט, ווען זיי האָבן זיך דערמאָנט מענדעס ערשטע יאָרן אין הויף. ער האָט געהאַט אויסגעפּראַוועט אַ קאַמער לעבן דער קוזניע, אויסגעקאַלכט די ווענט, אַרייַנגעשטעלט מעבל און ס׳איז געוואָרן אַ דירה. איז די נייַ-געבאַקענע בעל-הביתטע, באַשינקע, געוואָרן דאָרטן אַן אַרייַנגייערין. צורוימען אַ ביסל, פאַר-גלעטן דאָס בעט. דער מאַן, דער זאַיקע, האָט צו ערשט ניט באַנומען

וואָס דאָ קומט פאָר, נאָר גוטע-ברידער האָבן אים אונטערגעזאָגט, איז ער אַוועק צו מענדען און זיך צעשטאַמלט:

— מע-מענדע... וואָס הייסט? איך... איך... וועל איר קי... קירצן די פיס...

ער איז געווען אַ הויזן-נייער.

מענדע האָט אָנגעזאָגט באַשינקען ניט צו קומען צו אים. דערנאָך האָט זי געשלעפּט אַ בויך, ווי דאָרטן וואָלט געלעגן אַ פּערענע. דער הויף האָט געחוזקט, געמאַכט וויצן. מען האָט ניט געהאַלטן פון דעם זאַיִקעס אויפטוען.



מענדע האָט אָנגעצויגן קונדן: די פערד פון חברה-קדישא, פויערים פון האַלצמאַרק, געפאַלענע פריצים, וואָס פלעגן אַראָפּפאָרן קיין ווילנע אויף צוויירעדעריקע קאַלעמאַשקעס צו זוכן מזל אין יעגערקלוב — אפשר וועט גיין אַ קאָרט. אויך די אָרומיקע שכנים האָבן צוגעוואָרפן אַ ביסל אַרבעט, אַ קאָטשערע פאַר אַ בעקערײַ, אַ פּרענט צו אַ טיר פון גאַס.

וואָס צו טאָן איז טאַקע געווען, אָבער קיין לעבן האָט מענדע ניט געהאַט. אָפּגעאַרבעט אַ טאָג, אויסגעטאָן דעם לעדערנעם פאַר-טעך, איז ער אַרײַן גלאָצן מיט די אויגן אויף די פּוסטע ווענט. באַשינקע פלעגט זיך טאַקע אַרײַנשאַרן פון צײַט צו צײַט, ניט געקוקט אויף זײַן פאַרבאָט, אָנצוקלאָגן אים אַ קאָפּ אַז זי איז ניט גליקלעך מיטן הויזן-נייער און זאָל ער נאָר זאָגן איין וואָרט, קומט זי אַהער וווינען, אַפילו אָן אַ חופּה. פון אַזאַ וויזיט איז זי אַרויס ווי פון אַ פאַרעבאַד: רויט, צופרידן און מיט אויסגעגלײַכטע ביינער.

מענדען איז אָבער די הנאה ניט אײַנגעגאַנגען. אַט דריפּעט איבערן הויף באַשינקעס מאַן, מיט אַ לעבל ברויט אונטערן אָרעם. ער שלעפּט דערבײַ די פיס, ווי ער וואָלט געטראָגן אַ קלאָץ. מענדע קוקט אים נאָך און פאַרשווערט זיך, אַז מער מיט באַשינקען פאַר-נעמט ער זיך ניט. יענער האָרעוועט סעזאָנען, זיצט אײַנגעדרייט בײַ דער ניימאַשין, און ער, מענדע, קומט אויף אַלעם פאַרטיקן. באַשינקע

האָט אים אָבער געסטראַשעט, אַז אויב ער, מענדע, קערט זיך אָפּ פון איר, וועט זי נעמען סם.



מענדען האָט פּלוצעם אָנגעהויבן זעגן אין האַרץ. ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּהוסטן. אָט קומט ער אַרויס גאָר פרי עפענען די קוזניע, ציט אַריין לופט און דאַכט זיך, ער קאָן נעמען דעם שלאָגהאַמער אין האַנט. אָבער עס גייט ניט. ער האָט געוואָלט איינבייגן אַ שטאַבע, צופּראַווען אַ רעסאָרע, איז אַרויף אויף אים אַ היץ און ס׳האָט אים פאַרהאַקט דער אָטעם.

מענדען האָט זיך ניט געוואָלט גלייבן, אַז אים קאָן אויך באַפאַלן אַ שוואַכקייט. דאָס איז גוט פאַר איטשען, באַשינקעס טאַטע. יענער טונקט אַ גאַנצן טאָג שטיקלעך צוקער אין וואַלעריאַן און סמאָטשקעט עס ווי אַ זויגלינג די סאָסקע. גלייב יאָ, גלייב ניט — מענדע האָט פאַרלוירן דעם ראַזמאַך.

געוויינטלעך האָט ער אָנגעהויבן זיין טאָג מיטן אונטערהייצן די האָרנע, אַרויפשטעלן אויף איר אַ טעפּעלע וואַסער און פאַרקאָכן אַ ביסל הירזשענע קאַשע. צו דעם האָט ער צוגעגרייט אַ פּיידע ראַזעווע ברויט, אַ פּערטל גלאָז שטאַרקן בראָנפן און אַ קענדל ציקאָריע. דאָס האָט אים געקלעקט ביז אַ זייגער צוועלף. דערנאָך איז ער אַוועק צו זעליקן אין קנייפּע אויף אַ שטיקל קישקע און געהאַקטע לעבער. פאַר נאַכט האָט ער צוגעפּראַוועט אין שטוב עפּעס אויף טרוקן — און דאָס איז עס.

מענדע האָט ניט געהונגערט און דאָך האָט מען געזען אַז ער סאָכניעט. די ערשטע האָט עס באַמערקט באַשינקע. אַן אַנדער מענדע. האָבן אים די ווייבלעך אויפן הויף געגעבן אַן עין-הרע? יענע פּרעסן אים מיט די אויגן. באַשינקע האָט ניט סתּם אונטערגעלעבט מיט מענדען, ניט סתּם געהאַט אַ שוואַכקייט צו זיין שטאַרקן אַרומנעם. זי האָט אים ליב געהאַט מיט אַ פאַריאַושטער ליבע, ווי מען זעט עס אין טעאַטער, מיט אַ זיפץ און מיט הייבן די אויגן

צום הימל. באַשינקע האָט געהאַט טענות צו גאָט, וואָס מענדע איז געקומען אויפן הויף האַרט נאָך איר חופּה און ניט פריִער, ווען זי איז געווען פריַי און געקאָנט אים נעמען. אויף גלעזער-גאַס איז לאַנג זיַין אַ מיידל ניט געווען קיין גרויסער כּבוד. דערפאַר האָט זי גענומען דעם הויזן-נייער, כאָטש ער איז געווען, צו אַלע אַנדערע מעלות, אַ זאַיִקע.

אַז מענדע איז פאַרביַי האָט באַשינקע זיך געשעמט אויפצומאַכן דעם הויף. זי האָט ניט געוואָלט אַריַינפאַלן אין ליַיטנס מיַילער. איז באַשינקע אַוועק צום טאַטן, וואָס נערט זיך מיט וואַלעריאַן און געבעטן, אַז יענער זאָל כאַפּן אַ וואָרט מיטן שכן, דעם שמיד, אַז מען דאַרף גיין צו אַ דאָקטער. איטשע האָט אַרויפגעלייגט די שטאַבע אויפן קרעמל און איז אַריבער צו דער קוזניע. זיצן דאָרטן איז ניט געווען ווג, זיַינען איטשע און מענדע געשטאַנען פוןביידע זיַיטן קאָוואַדלע. פון קורצן שמועס האָט ווילנע פאַרגעדענקט איין באַלערנדיקן זאַץ: אַז מען וויל זיך שטעלן אויף די פיס, דאַרף מען זיך נעמען אין די הענט. דאָס האָט איטשע געזאָגט מענדען און באַשינקע האָט דעם זאַג צעפּויקט אויף גאַנץ גלעזער-גאַס.

מענדע האָט געפאָלגט, זיך גענומען אין די הענט און אַוועק צו דאָקטער יעדוואַבניק אין משמרת-חולים. אָט די חברה האָט זיך פאַרנומען מיטן אָפּהיטן דאָס געזונט פון דעם בידנעם עולם. דעם אַדרעס האָט מענדע באַקומען פון באַשינקען. זי איז דאָרטן געווען אַן אָפטער גאַסט מיט דעם יינגל אירן, וואָס איז אַרויס אויף דער וועלט אַ מידער, ווי ער וואָלט זיך געדראַפּעט ניַין חדשים באַרג-אַרויף.

דאָקטער יעדוואַבניק האָט אויסגעקלאַפּט מענדען פון אַלע זיַיטן, געהייסן אים אָטעמען, דערנאָך אויפהערן. ער האָט צוגעלייגט אַן אויער צו זיַין ברייטן רוקן, ווי אַ תּפיסה-וואַנט, ווידער אים געהייסן אָטעמען און ביַי דעם איז עס געבליבן.

מענדע איז געזעסן מיט אַ צעשפּיליעט העמד קעגן איבער דעם דאָקטער און געוואַרט וואָס וויַיטער. און דאָקטער יעדוואַבניק האָט אַליין ניט געוווּסט וואָס וויַיטער. ער האָט זיך בלויז אָפּגערופן:

— געפעלסט מיר ניט...
און אים געהייסן קומען נאָך אַ מאָל.



גאַנץ גלעזער-גאַס האָט שוין געוווּסט, אַז מענדע געפעלט ניט דעם דאָקטער יעדוואַבניק. אין שטאָט איז דאָקטער יעדוואַבניק געווען אַ גאָט. ווײַבער האָבן דערציילט וועגן אים נסים. מיט איין טאַפּ ווייס ער וואָס עס טוט זיך אונטערן לעפעלע. אויב מענדע געפעלט אים ניט — איז ביטער.

פֿאַר דער צײַט איז שוין מענדע געווען אין משמרת-חולים עטלעכע מאָל. אַנדערע דאָקטוירים האָבן זיך אויך מיט אים פֿאַרנו-מען. דאָקטער יעדוואַבניק האָט געוואָרפֿן שפּיטאָלענע ווערטער און זײַנע קאָלעגעס האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ. ווען מענדע פֿילט זיך אַ ביסל בעסער, טוט ער אָן דאָס העמד און גייט אַוועק צוריק צו דער אַרבעט אָן אַ זײַ-געזונט. אָבער די לעצטע צײַט איז אים אַרײַן אַ שוואַכקייט אין די פֿיס. האָט ער אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און זיך איבערגעגעבן אין זייערע הענט.

פֿון טאָג צו טאָג איז מענדע געוואָרן דאַרער. ער האָט אײַנגעט-ריקנט פֿאַר די אויגן.

באַשינקע האָט זיך אָנגענומען מיט האַרץ און אַוועק צום דאָקטער יעדוואַבניק. זאָל ער איר דערציילן דעם גאַנצן אמת: וואָס איז מיט מענדען?

צוערשט האָט דאָקטער יעדוואַבניק ניט געוואָלט ריידן מיט איר. וועגן קראַנקע רעדט מען בלויז מיט נענטערע קרובים. אָבער אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט, און דאָקטער יעדוואַבניק האָט אַלץ פֿאַר-שטאַנען. און ניט נאָר האָט ער פֿאַרשטאַנען. ער האָט זיך אַפֿילו איבערגענומען מיט דעם אומגליקלעכן ראָמאַן.

באַשינקע איז געזעסן אויף אַ ברעג שטול און דאָקטער יעדוואַב-ניק האָט באַוווּנדערט דעם דורכזעיקן טרויער וואָס האָט פֿאַראיידלט די גרעבלעכע שטריכן פֿון איר פּנים.

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, באַשע? מענדע איז קראַנק.

— דאָס זעט מען... אָבער ווו זײַנען די דאָקטוירים?

— די דאָקטוירים זײַנען דאָ, אָבער העלפֿן קענען זיי ניט.

— דאָקטער יעדוואָבניק, מען זאָל אײַך ניט דאַרפֿן, איר האָט דאָך געראַטעוועט צענדליקער. אַפֿילו מײַן ייִנגל סאָפּעט שוין ווינציקער. איז פּונקט בײַ מענדען האָט זיך געענדיקט די פּאָדעם?

דאָקטער יעדוואָבניק שאָקלט מיטן קאָפּ און רעדט צו זיך אַליין:

— ווען מיר ווייסן ווי צו העלפֿן מענדען...

— וואָס הייסט? ווער זאָל וויסן? אויב ניט אין משמרת-חולים, אויב ניט אין ייִדישן שפּיטאָל, איז ווו?

— אין ערגעץ ניט, באַשע. די רפֿואה וואָס מענדע באַדאַרף איז ניט פֿאַראַן.

באַשינקע האָט זיך אָנגעהויבן דרייען אויפֿן שטול:

— בײַ וועלפּקען אין רעסטאָראַן, אויף ייִדישע-גאַס, האָט אַן אַקטיאָר פֿון אַמעריקע דערציילט, אַז בײַ זיי איז יאָ עפּעס פֿאַראַן. דאָקטער יעדוואָבניק, כ'האָב אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר גילדן... אפשר קאָנט איר שרײַבן קיין אַמעריקע... וויפֿל ס'זאָל ניט קאָסטן.

דאָקטער יעדוואָבניק איז אויפֿגעשטאַנען פֿון זײַן פֿאָטעל, צוגעגאַנגען צו באַשינקען און איר אַ גלעט געטאָן איבערן געבלימטן טיכל, וואָס איז קרומלעך געלעגן אויף אירע געדיכטע, פֿעך-שוואַרצע קרויזן. די רייד פֿון אָט דעם ווײַבל האָבן אים צענומען.

— באַשע, באַשע, ווען ס'זאָל עפּעס זײַן, וואָלטן מיר, דאָקטוירים, געוווּסט די ערשטע. די רפֿואה וואָס מענדע באַדאַרף, האָט נאָך דערוויילע קיינער ניט אויסגעטראַכט.

— איז טראַכט איר אויס! אַזוי פֿיל דאָקטוירים אין ווילנע, קענט איר אַלע צוזאַמען ניט אויסטראַכטן?

דאָקטער יעדוואָבניק איז געוואָרן אויפֿגעמונטערט. די אויגן בײַם דאָקטער האָבן אויפֿגעבליצט:

— שטעל זיך פֿאָר, ווען מיר טראַכטן אויס אַזאַ רפֿואה. די וועלט וואָלט דאָך אויפֿגערודערט געוואָרן. אַ רפֿואה קעגן ראַק! און ווו? אין משמרת-חולים, אין ייִדישן שפּיטאָל!

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פֿאַרן קאָפּ:

— באַשע, דו ווייסט וואָס אויף דער וועלט וואָלט זיך דעמאָלט געטאָן ?

באַשינקע איז ניט קיין שותּף צו דאָקטער יעדוואַבניקס התפּעלות. זי האָט אים צוריקגעבראַכט פון די הויכע הימלען צו דער ערד.

— דאָקטער יעדוואַבניק, אפשר פּרוּוון די קרענק פאַרגיסן ?

— וואָס הייסט פאַרגיסן ?

— כ'מיין... אים געבן פעטס, מילך, קאַקאַאָ...

אַ גוטע עטלעכע מינוטן האָט דער דאָקטער געשוויגן. באַשינקע האָט ניט נאָכגעלאָזט.

— וואָס זאָגט איר ?

— די מעדיצין ווייס ניט דערפון, אָבער שאַטן קען דאָס ניט. פאַרגיס...

✶

באַשינקע האָט אָנגעהויבן פאַרגיסן מענדען מיט טעפלער קאַ-קאַאָ. זי האָט אויך צוגעוואָרפן אַ פּאָר שטיקלעך פּוטער צום געטראַנק. זי איז געגאַנגען אַ שטאָלצע איבערן הויף מיטן טעפל, ווי מיט לאָבעכץ פאַר אַ קימפּעטאָרין און קיינער האָט זיך ניט דערוועגט זי באַגלייטן מיט אַ זשמורע פון אַן אויג. אַלע האָבן געוווּסט, אַז מענדע איז טויט-קראַנק און באַשינקע גייט צו אים נאָר פון מיצווה-וועגן.

באַשינקע פלעגט אָוועקשטעלן דאָס טעפל און אים פאַרשווערן ביַי איר לעבן, ער זאָל דאָס אויסטרינקען פאַר אירע אויגן. מענדע האָט זי תּמיד פאַרזיכערט אַז ער וועט דאָס אויסטרינקען ביזן דנאָ, אָבער שפּעטער. זיצן לאַנג ביַי אים האָט זי ניט געקאָנט. מען האָט געמוזט האַלטן שטאַט. האָט זי אים געגלייבט אויפן וואָרט. מענדע האָט דערנאָך אויסגעפּליוכעט די קאַקאַאָ אין טרייפן עמער און זיך אָנגעגאָסן אַ קעלישיק בראַנפן. טאָקע ניט אַזאַ שטאַרקן ווי אַ מאָל, אָבער גוטן בראַנפן, פינף און פופציקער. ער האָט אויך ניט געקענט, ווי אַ מאָל, אַריַינקערן דעם גאַנצן בראַנפן מיט איין צי אין גאָרגל אַריַין. האָט ער אים געזופּט פּאַמעלעך, ווי אַ רפואה. דאָס

שטעכעניש אין די לונגען איז פון דעם ניט אַוועק, אָבער אין קאָפּ איז געוואָרן אַ ביסל קלערער, ליכטיקער. מ׳האָט געקאָנט טראַכטן וועגן אַנדערע זאַכן, אַחוץ דער קרענק.

אַט האָט מענדע איצטער געטראַכט וועגן סטאַסקען, אַ שיקסע פון זײַן דאָרף. קינדווײַז איז די שיקסע אַראָפּגעפאַלן פון אַ וואָגן היי און אַ ראָד האָט איר צעקאַרעדאַשעט דעם רעכטן פוס. מען האָט איר אין אַנטאָקאָלער שפּיטאָל אָפּגעשניטן דעם פוס כּמעט ביז צו דער קני. מענדע האָט צוגעפּראַוועט פון האָלץ אַ שטיק המשך, זי זאָל קאָנען האָפּסלען איבער דער לאָנקע בײַם פּאַשען די קו. ערב זײַן אַוועק פון דאָרף האָט איר מענדע געמאַכט אַ נײַעם פוס, צו איר וווקס. האָט זי דער טאַטע געשיקט זען וואָס ער מאַכט. סטאַסקע האָט זיך דערשראָקן פאַר זײַן אויסזען. זי האָט זיך פונאַנ-דערגעוויינט איבערן גאַנצן הויף. מענדע האָט אָנגעשריִען אויף איר. געבעטן דערציילן די נײַס פון דאָרף. האָט זי דורך שלוכצערײַען אים דערציילט: דאָס דאָרף איז פאַראָרעמט. מען שפּאַלט אַ שוועבעלע אויף צווייען. זי אַליין וואָלט אויך געבליבן אין שטאָט, אָבער מחמת איר פוס וויל זי קיינער ניט נעמען פאַר קיין דינסט. פון גיין צו די מעקלערס האָט זיך אויסגעריבן דאָס גאַנצע האָלץ.

מענדע האָט איר אָפּגעבונדן דעם הילצערנעם פוס, אָפּגעזעגט אַ רינגל פון אַ האַלבצאָליקע רער און עס אַרויפגעזעצט הייסערהייט אויפן שפּיץ האָלץ. סטאַסקע איז געזעסן אויפן שוועל פון דער קוזניע, באַהאַלטן איר מום אונטערן לײַוונטן קליידל, און ממשיך געווען די נײַס פון דאָרף. ווער ס׳איז געשטאָרבן, ווער ס׳האָט חתונה געהאַט. ווער-ווועמען ס׳האָט אויפגעעפּנט דעם קאָפּ מיט אַ פלאַש בראַנפן, וויפל דער פריץ אַגינסקי צאָלט איצטער פאַר אַ טאָג אָרדי-נאַריע, פאַר באַאַרבעטן זײַנע פעלדער.

מענדע האָט איר אָפּגעגעבן דעם פוס און געברומט דערבײַ:

— פאָר אַהיים, סטאַסקע, פאָר אַהיים... די שטאָט וועט דיך אויפעסן, ווי זי האָט מיך אויפגעגעסן.

סטאַסקע פעסטיקט צו מיט צוויי רימענס דאָס קלעצל צום איבערגעבליבענעם יונגמיידלישן שענקל:

— הלוואַי נעמט מען מיך פאַר אַ דינסט...
— גלייב מיר, אין דאָרף איז בעסער.
— טאָ פאַר וואָס זײַט איר אַוועק פון דאָרף, פאַניע מענדע?
מענדע האָט ניט געענטפערט. גיי דערציייל אַ שיקסע וואָס דאָס הייסט בלײַבן אין אַ ווינקל ווי יעדער גרעזל דערמאָנט די פאַרלאָרענע פרייד.

נאָך איטלעכן זופּ האָט זיך מענדע געשפּיגלט אין קעלישיק. וואָס נידעריקער דער בראַנפן איז געפאַלן צום דנאָ, אַלץ לויטערער האָט מענדע געזען זײַן פאַרשטאָרבן ווײַב, ווי זי דרייט זיך צווישן די בייטן ראַדיסקעס און אוגערקעס. דערנאָך שיט זי קערנער פאַר די עופות. טויבן דרייען זיך אַרום איר, פּרוּוון אין פלי כאַפּן אַ גרײַפּל, איידער עס פאַלט צו דער ערד. און זי שמייכלט צו זיי, וואַרפט העכער די הויפנס, ס׳זאָל זיי אָנקומען גרינגער. פון שוועל ביז צו די ווײַטע גריקעפעלדער באַגלייט ער זי מיט פאַרטרערטע אויגן. און אָט ליגט דער שניי הויך, כּמעט גלײַך מיט די פענצטער. אַרבעט אין קוזניע איז שוואַכער. ס׳ליגן צוגעגרייט פאַרטיקע פּאָדקעוועס, און עטלעכע קאַסטנס פּאָדקעווע-נעגל. פּרילינג וועלן אָנפאָרן פּויערים פון אַלע דערפער אַרום. און זי זיצט אָפּגעקערט פון טיש, צוליבן בויך, און נייט העמדלעך פאַר דעם קדיש, וואָס נאָך אַ חודש דאַרף ער אַרויס. ער, מענדע, האָט גאָר אַנדערש ניט געטראַכט, אַז ס׳וועט זײַן אַ יינגל. האָט זיי ביידן צוגענומען די ערד. האָט ער איינינקער אַליין געקאָנט איבערבלײַבן אין דאָרף?

מענדע האָט דערענדיקט די לעצטע פּאָר טראָפּנס בראַנפן. ער האָט דערבײַ באַמערקט דאָס גלאָז קאַקאַאָ, וואָס ער האָט נאָך ניט באַוויזן אויסצוגיסן. ער האָט לאַנג געקוקט אויף דעם ברוינעם מילכברײַ, וואָס באַשינקע האָט אים פאַרשוואָרן אויסצוטרינקען ווי אַ סגולה אויף געזונט ווערן.

אַ שמייכל, פון יענע דאָרפישע שמייכלען, וואָס אַ מאָל האָט זיי פאַרמאָגט זײַן ווײַב, איז אַוועק צו באַשינקען, צו אירע גוטע כּוונות. מענדע האָט גענומען דאָס גלאָז קאַקאַאָ און עס אויסגעטרונקען מיט איין זאַלפּ, ווי אַ מאָל זײַן פאַרציע בראַנפן.



אַזוי איז געבליבן אין ווילנע מענדע וואָלט נאָך געקאָנט לעבן
אַ גוטע פּאָר יאָר, ווען ניט באַשינקע. מיט איר קאַקאַאָ האָט זי
אים אָוועקגעלייגט. יענער איז געוווינט געווען צו בראָנפן מיט אַ ביסל
הירזשענע קאַשע, האָט מען זײַן געוווינשאַפט ניט געטאָרט בײַטן.

פון דער אַנדער זײַט, האָט מען אויפן הויף גערעדט פונקט
פאַרקערט: אַט האָט זיך איר זונדל אויסגעהיילט פון דער זאַדישקע
אַ דאַנק דער מאַמעס קאַקאַאָ. ער איז אויסגעוואַקסן אַ יונג אַ
בוים. ער דערמאָנט אין מענדען. די טרעגערס ווילן אים אַרײַננעמען
אין צעך, נאָר די מאַמע לאָזט ניט. אויב שוין יאָ געבן די פעל,
זאָגט באַשינקע, איז בײַ שמידערײַ.

# די רויטע פאָן

די צרות בײַ אַבקע-גריזון האָבן זיך אָנגעהויבן דעמאָלט ווען ער האָט געוואָלט טאָן אַ מיצווה: ער איז אַרײַנגעפאַלן, אַוועק אין תּפיסה. און ניט סתּם אַן אורטייל — זומער ווינטער און אַרויס — נאָר אַ זיצן מיט אַ פונדאַמענט.

איז געווען אַזוי: ער איז געגאַנגען אין אַ זומערנאַכט אויף דײַטשע-גאַס, האָט ער געטראָפן אַ יאַט זיך דרייען לעבן קלויסטער. אַזוי ווי דער טויער פונעם דײַטשן קלויסטער האָט געדינט ווי אַ טרעפפּונקט פאַר שפּעטע ראַנדקעס, האָט אַבקע אין דער ערשטער רגע זיך רעכט ניט אומגעקוקט אויף דעם אויסגעדאַרטן קאַוואַליר אין אַ צעקנייטשט רעקל מיט אויסגעדרייטע שיך, וואָס שטייט אונטער דעם עלעקטרישן לאַמטערן און וואַרט מסתּמא אויף אַ דערלאַנגערקע פון אַ דערבײַיקן רעסטאָראַן, כּדי זי צו נעמען אין סעדל אויף טראָקער-גאַס. אַבקע איז געווען אויפן וועג צו איצקע דעם געלנס קנײַפּע. דאָרטן האָט מען אָנגעצויגן אַ ניט-היגן אַזאַרט-ניק אויף אַ לינקן פּאָקער און מ׳האָט געדאַרפט האָבן אַ פערטע האַנט אים אײַנצובײַסן. די פערטע האנט האָט טאַקע געדאַרפט זײַן אַבקע, ווײַל ער האָט געהאַט זייער געראָטענע הענט. ניט אויף צו אַרבעטן, נאָר אויף טאַשן קאָרטן. זײַן טאַשן קאָרטן האָט געהאַט אַ שם. צוויי טײַז זענען תּמיד געבליבן בײַ אים. האָט זיך אַרײַנגעמישט דער שלימזל און אַבקע האָט געמוזט באַמערקן ווי אַ יונג האָט זיך פאַרמאָסטן אריבערצוּוואַרפן איבער די עלעקטרישע דראָטן אַ שטיק פלאַכטע. אַז דאָס האָט געדאַרפט זײַן אַ רויטע פאָן, אין דעם האָט אַבקע ניט געספקט, ווײַל וואָס גייט מען שפּעט בײַ נאַכט אַרויפוואַרפן אויף די דראָטן? אַוודאי ניט קיין אויסגעוואַשן העמד צו טריקענען.

דער וואַרפער איז קענטיק אין דער אָ מלאכה נאָך געווען אַ

לערן-ייִנגל, איז דאָס שטיקל געוואַנט געפֿלויגן עטלעכע מאָל אין דער הייך און צוריקגעפֿאַלן ווי אַן אונטערגעשאָסענער פֿויגל. דאָס בחורל האָט בשום-אופֿן ניט געקאָנט פֿאַרוואַרפֿן די פֿאָן איבער די דראָטן.

אַבקע האָט זיך געקאָכט: זע ווּעמען מע שיקט אויף אַזאַ שטיקל אַרבעט! ער איז צוגעלאָפֿן צום וואַרפֿער און אויסגעכריפּעט:

— לויף אַהיים, געבערדלטער לאַמאַקע! אַז מע קאָן ניט, קריכט מען ניט!

דער רעוואָלוציאָנער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל פֿון העלדישקייט:

— ס׳איז אַ באַפֿעל פֿון דער פּאַרטיי!

— ווילסט פֿאַרפֿוילט ווערן אין קיטש?

— אין קיטש?

— אין תּפֿיסה, דו גרינער יאַלד!

יענער ווערט גאָרניט נתפּעל:

— מיר מוזן אויפֿמונטערן די מאַסן...

אַ גליק וואָס אויפֿן גאַס איז געווען שטיל. בלויז איין דראָזשקע מיט שיכּורים האָט געהאַקט איבערן ברוק. אַבקע האָט זיך פֿאַרשאָלטן דאָס לעבן. ניט ער קאָן דאָ שטיין מיט אים, ניט ער קאָן אים איבערלאָזן. פֿאַרט אַ ייִדיש קינד. וואָס טוט מען? געבן אים אַ טרעל איבערן קאָפּ, איז אַ גאָטס-רחמנות. האָט זיך אַבקע גוט אַרומגעקוקט, צי קיינער זעט ניט, אַ נעם געטאָן פֿון בחורס האַנט די פֿאָן און מיט איין שווונג זי אַזוי קונציק פֿאַרוואָרפֿן איבער די דראָטן, אַז זי איז דאָרטן געבליבן הענגען אָן איין קנייטש, צעשפּרייט די ברעגן, ווי אַ פֿלעדערמויז די פֿליגל.

דער בחור איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפֿן מויל, דעם קאָפּ הויך פֿאַרריסן צו דער פֿאָן. ער האָט שוין געוואָלט אָפּגעבן אַ שטיקל דעקלאַראַציע, אָפּדאַנקען אַבקען אין נאָמען פֿון ווילנער פּאַרטייקרייַז און דער וועלט-רעוואָלוציע, אָבער אַבקע האָט אַ שיפּע געטאָן:

— צי אָפּ, מאַך פּיס!

צוויי מאָל האָט מען אים ניט געדאַרפט באַפעלן. דער בחור האָט מיט איין רגע פריער פון אַבקען באַמערקט, ווי עמעץ האָט זיך געגעבן אַ יאָג צו זיי פון גיטקע טויבעס זאַווולקע, און ער איז פאַרשוווּנדן געוואָרן צווישן צוויי הײַזער און פון דאָרטן, איבער אַ פּאַרקן, אין אַ צווייטער גאַס. אַבקע האָט אַפילו ניט געפּרוּווט נעלם ווערן. אַזוי לויפן ווי דער יונג האָט ער ניט געקאָנט מחמת די פּלאַטפיס, איז ער געבליבן שטיין. ווי גאָט וועט געבן. דער שמעקער סוסילאָ, אַ פּאַרסאָפּעטער, האָט צוגעשפּאַרט אַבקען צו דער וואַנט פון קלויסטער און אים אַרויפגעלייגט קייטלעך אויף די הענט.

דער געהיים-אַגענט סוסילאָ האָט געקאָנט די גאַנצע שטאָט און די גאַנצע שטאָט האָט אים געקאָנט. ער האָט גערעדט ייִדיש ווי אַ וואַסער און געגעסן שבת טשאָלנט ביי וועלפקען אין רעסטאָ-ראַן, אויף ייִדישע-גאַס. מיט די בלאַטע איז ער געווען אויסגע-בונדן און געקאָנט אַלע אויף די צונעמען. סוסילאָ האָט זײַנע אויגן ניט געגלייבט. דער אַגענט האָט געקאָנט אַבקען פון בידנע ספּראַ-וועס: פון פאַרקויפן אויפן האַלצמאַרק אַ פוירל אַ בלישטשענדיקן רינג פאַר אַ גאָלדענעם, צי פון מיטנעמען אַ פרעמדן פוטער נאָך אַ פּאַרטיע ביליאַרד אין שטראַלס קאַפע. אָבער הענגען אַנטימלו-כהשע פּאָנען? סוסילאָ האָט גוט געזען ווי אַבקע האָט עס געטאָן. ער האָט בכיוון אָפּגעוואַרט, געטשאַטעוועט פון הינטערן ראָג פון געסל, כּדי זיי צו כאַפּן אויף דער הייסער מינוט. ס'האָבן ניט גע-האָלפן קיין תּירוצים: — פּאַניע סוסילאָ, איך זיך געחכמעט, גע-גאַנגען שפּילן פּאָקער. איר קאָנט דאָך מיך, ווי קום איך... אַבקע האָט געאָכצעט און געקרעכצט דעם גאַנצן וועג ביזן צענטראַל-אַרעסט אויף איגנאַטאָווער-גאַס, דאָס זיצאָרט פון דער געהיים-פּאָליציי. פון דאָרטן האָט סוסילאָ געקלונגען צו די פײַער-לעשערס, זיי זאָלן תּיכּף אַראָפּנעמען די טרייפע פאָן פון די דראָטן.

אין דער פרי זענען געגאַנגען די מאַסן איבער דײַטשע-גאַס. ווײַבער האָבן געקויפט קנעפּ בײַ שׂרה קלאָק אין איר צודאָטן-געשעפט. כּויכעס האָבן געשלעפּט קונדן צו די טאַנדעט-קראָמען,

געלויבט די הויזן און די רעקלעך אין הימל אַריַין. און די פּאָן, די רויטע פּאָן, וואָס האָט זיי געדאַרפט אויפמונטערן, איז ניט געווען. דערוויַילע האָט זיי אויפגעמונטערט די מילדע זון, דער בלויער הימל און אַ שטיק פעדער־וואָלקן, וויַיס ווי שניי.



אין צענטראַל־אַרעסט האָט מען אויפגענומען אַבקען ווי אַן אַלטן באַקאַנטן. די אַגענטן האָבן קוים געלייגט אַכט אויף אים. אָבער ווען סוסילאָ האָט זיי דערציילט פאַרוואָס ער האָט אַרעסטירט אַבקען, איז געוואָרן אַ גערודער אין אַלע צימערן. די דעזשורנע אַגענטן האָבן געטאַפּט אַבקען, ניט געקאָנט גלייבן אַז דאָס איז ער.

סוסילאָ איז געזעסן ביַים טיש, זיך געשפּילט מיט דעם שליסעלע פון די קייטלעך אויף אַבקעס הענט און געקליבן נחת. ווען ס׳איז ניט אַבקע, וואָס איז געווען אַן אָפּטער איינגייער, וואָלט מען אים אויפן אָרט אָנגעהויבן געבן קלעפּ. אָבער אַזוי, האָט מען נאָר אויסגעליידיקט זיַינע קעשענעס, אַרויסגעצויגן די שיכבענדלעך און אַריַינגעשטופּט אין אַ זיַיטיקער צעל, ביז אין דער פרי ווען ס׳וועט קומען דער רעפערענט פאַר פּאָליטישע ענינים, פענדזיק דער קולעהיַי.

אַבקע האָט ניט צוגעמאַכט אַן אויג. געוויינטלעך פלעגט ער בעת איטלעכן אַרעסט שלאָפן. ער האָט געקאָנט כּמעט אַלע פּאַראַג־ראַפן און וויפל עס קומט אים. מ׳האָט אים קיין מאָל ניט געפּאָרשט, נאָר געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל און אָפּגעשיקט אין תּפיסה, אויף סטעפן־גאַס. דאָרטן איז ער געווען אַ היימישער. אין גרויסע ראַמסן האָט ער זיך קיין מאָל ניט גערוקט, האָט מען אים תּמיד פאַררעכנט דעם פאַראַרעסט. און דער פּסק־דין האָט ניט אויסגעזען אַזוי לאַנג, אַ חודש אַרויף, אַ חודש אַראָפּ. דאָס מאָל אָבער, איז ניט מער קיין פּשוטער ענין. אַבקע האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ, וואָס צו זאָגן מאָרגן. ביז פאַר טאָג האָט ער גאָרניט אויסגעטראַכט. האָט ער באַשלאָסן וואָס מער שוויַיגן, געווינען ציַיט.

ער האָט שוין באַלד געהאַלטן ביַים איַינדרעמלען אויף דער

נאָקעטער פריטשע, האָט אים אַ תּירוץ אָנגעקלאַפּט אין סאַמע מיטן שאַרבן: ער וועט טענהן, אַז יענער האָט אים צוגעזאָגט געלט פאַרן אויפהענגען די פאָן. געלט האָט ער באַדאַרפט צו שפּילן אַ גרויסן פּאָקער, האָט ער זיך געלאָזט איינריידן. סוסילאָ האָט דעם בחור צעפּאַלאָשעט, איז ער אַנטלאָפן. אַבקע האָט געהאַפּט, אפשר וועט פענדזיק דאָס אַראָפּשלינגען און אים צוואַרפן אַ קרימינעלן פּאַראַגראַף, וועט ער ווי עס איז אַרויס פון די קראַטעס און פאַרזאָגן אַ צענטן צו קריכן אין פּאָליטיקע.

פענדזיק האָט אָבער דעם תּירוץ ניט אַראָפּגעשלונגען. נאָך דעם ווי סוסילאָ האָט אים ראַפּאָרטירט וואָס און ווען, האָט ער געמאַכט מיט אַבקען גאָר אַן אַנדער חשבון. גלייך אין דער פרי איז פענדזיק קיין מאָל ניט געווען אין קיין שטימונג. איידער ער האָט זיך נאָך געהאַט איינגעמאָשטשעט בײַם שרײַבטיש, איז ער שוין געווען צעקאָכט און צעבראָטן אויף דער גאַנצער וועלט. מחמת דעם קרומען פוס איז ער שלעכט געשלאָפן מיטן ווײַב. זי איז געווען פון דאָרף: בלוט און מילך און אַ סך פלייש. פענדזיק האָט איר געסטײַעט אויף איין צאָן. אַ גליק וואָס סוסילאָ איז געווען בײַ זיי אַן אײַנגייער, האָט ער זיך נוהג געווען פון צײַט צו צײַט דאָרטן איבערנעכטיקן באַטאָג, ווען זײַן שעף פענדזיק איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיט אָפּהיטן פוילן פון דער רויטער מגפה. אַזוי האָט זיך ניט צעטרענט דער שלום-בית און פענדזיק האָט געקאָנט אַלע זונטיק שטאָלץ הינקען מיטן שיינעם ווײַב אונטערן אָרעם אויפן וועג צום קלויסטער פון דער הייליקער אַנאַ, לעבן דעם טײַך ווילענקע, אַלע מענער זאָלן פּלאַצן פון קינאה.

איצטער איז אַבקע געזעסן, דעם קאָפּ פאַררוקט טיפֿער צווישן די שמאָלע אַקסלען, אַנטקעגן פענדזיקן, און געזוכט אַראָפּצוליייענען פון יענעמס פאַרביסענע, שמאָלע ליפּן דעם ענטפער אויף זײַן, אַבקעס, פּאַרטאָגיקער ווערסיע.

פענדזיקס קאַבינעט איז געווען באַלויכטן פון דער זומערדיקער זון. די פענצטער זענען געווען אָפן. אַ גרינע צווייג האָט אַרײַנגעקוקט פון דרויסן. אין פאַרמאַכטן הויף פון דעם צענטראַל-אַרעסט

זענען געוואַקסן קאַשטאַנביימער. אַ צו-להכעיסדיקער שפּערל איז אַפילו אַרויפגעשפּרונגען אויפן פענצטער-געזימס, ווי צו דערמאָ-נען פענדזיקן, אַז די גאַנצע וועלט איז ניט אין זײַנע הענט. אַחוץ די קראַטעס איבערן פענצטער האָט אַלץ אויסגעזען אַזוי געמיטלער.

אויסער קאָמוניסטן האָט פענדזיק אויך פײַנט געהאַט ייִדן. פאַר וואָס — האָט ער אַליין ניט געוווּסט. איצטער, אַז אַנטקעגן איבער איז געזעסן אַ ייִד, זיכער אַ קאָמוניסט — האָט פענדזיקס שׂינאה פאַרוואַנדלט דעם צימער אין אַ פאַרמאַכטן סלאָי מיט אַ שפּין און אַ פליג אינעווייניק.

אַבקע האָט אים איבערגעגעבן פּרטים פון דער נעכטיקער פאַרלויפעניש. פּויליש איז ניט געווען זײַן לשון. כּדי די אויספאָר-שונג זאָל גיין גיכער און בעסער, האָט פענדזיק אַרײַנגערופן סו-סילאָן — און זאָל אַבקע ריידן ייִדיש. קיין סך האָט עס ניט געהאָלפן. אַבקע האָט זיך געהאַלטן בײַ דאָס זײַניקע. סוסילאָ האָט אַלץ איבערגעזעצט און פענדזיק האָט קיין איינציקן וואָרט ניט געגלייבט. צום סוף האָט דער רעפערענט געגעבן אַ ווונק סוסילאָן און ביידע זענען אַרויס פון צימער. ביזקל זיי זענען צוריקגעקומען, האָט אַבקע קיין נײַס ניט צוגעטראַכט. דאָ האָט סוסילאָ איבערגענומען דעם ענין. איידער ער האָט אָנגעהויבן אײַנברעכן אַבקען, האָט ער אויס-געגלעט די דינע, געבאַליעטע וואָנצעס, פאַרריכט זײַן גערדיבטע טשופּ-רינע און פאַרקנעפּלט דאָס רעקל. ער איז געווען זייער עלעגאַנט, מיט שאַרף אויסגעפּרעסטע הויזן. ער האָט איצטער געוואָלט אויסזען סאָליד, ס׳זאָל אויף אַבקען מאַכן אַן אײַנדרוק. כּדי צו געווינען דעם צוטרוי פון אַרעסטירטן, האָט סוסילאָ מיטן ווײַזפינגער אַראָפּ-געררוקט די אונטערשטע ברעם פון רעכטן אויג — אַן אינטערנאַציאָ-נאַלער סימן, אַז מ׳איז אין די בלאַטע געשעפטן און מע פאַרשטייט זיך אויפן ווונק.

— אַבקע, פּטר ניט קיין צײַט. הער אויף צו ברײַען. מיט דעם געלט וואָס דו דערציילסט ווילסטו אונדז אַרײַנלאָזן אַ טומאַן אין די אויגן, מאַכסט זיך פּאַר אַ יעקעלע, האָסט ניט געבעטן דאָס געלט פאָרויס, האַ? אין פּאָקער געטרויסטו אויך אַזוי?

אַבקע קרעכצט:

— כ׳האָב טאַקע געטאָן אַ נאַרישקייט, באַדאַרפט אים הייסן לייגן דאָס געלט אויפן טיש.

— נאָך איין מאָל דעם זעלביקן ליגן — און איך האַק דיר אויס די לעצטע פּאָר באַקציין!

אַבקע פאַרקאַרטשעט דעם קאָפּ נאָך טיפער צווישן די אַקסלען, אַ סגולה אָפּצושוואַכן אַ פּאַטש, און זיפצט דערביי:

— מ׳האָט מיך גוט אָפּגעפּרייערט...

סוסילאָ גלייבט אויס דאָס קעפּל פון קראַוואַט און איז ממשיך:

— אַבקע, זיי אַ מענטש, זאָג ווי יענער הייסט, גיב אונדז אַדרעסן. ווער האָט דיך ווערבירט אין פּאַרטיי? דערציייל אַלץ, וועלן מיר פאַר דיר אויך עפּעס טאָן. אַניט וועט זיין זייער ביטער מיט דיר. דו ביסט אַ יונגער בחור און פון תּפיסה וועסטו אַרויס מיט אַ ווייסער באָרד.

— איך ווייס גאָרניט, זאָל מיר אַזוי דינען די פּריי...

— דערציייל ניט קיין מעשׂיות! דאָס עקשנות דיינס איז ניט קרימינעל. מ׳האָט דיך אין פּאַרטיי גוט אויסדרעסירט. און ניט איין יאָר. דיין שפּילן אין קאָרטן, די קליינע גנבות, אַלץ איז געווען פאַר דער גאַס, כּדי צו באַהאַלטן דיין פּאָליטישע אַרבעט, העלפן די באָלשעוויקעס פאַרכאַפּן פּוילן.

דאָ האָט זיך שוין אַבקע ניט געקאָנט איינהאַלטן. ער האָט זיך געגעבן אַ שטעל פון זיין שטול און מיט אַ ווערדע, אויף וועלכער ניט פּענדזיק און ניט סוסילאָ האָבן זיך געקאָנט ריכטן, האָט ער אויסגערופן:

— אַחוץ מיין פּרנסה בין איך אַן אָרנטלעכער בירגער! כ׳האָב גאָרניט צו פּוילן!...

סוסילאָ האָט זיך פונאַנדערגעקאַטשעט פון געלעכטער. ער איז קוים מסוגל געווען איבערצוזעצן פּענדזיקן די פּאָר ווערטער. פּענדזיק איז געוואָרן אין גאַנצן ווילד.

— דו האָסט גאָרניט צו פּוילן, האַ? אָבער פּוילן האָט צו דיר, באָלשעוויק!

אַבקע האָט נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר ער האָט ניט באַוויזן. פּענדזיק האָט אַראָפּגעלאָזט זײַן שטעקן אויף אַבקעס פּלייצע, איין מאָל און נאָך אַ מאָל. אַבקע איז שוין געלעגן אויפן דיל און פּענדזיק האָט נאָך אַלץ געשלאָגן. סוסילאָ האָט אָנגעכאַפּט זיין שעף בײַ דער האַנט און אים אַרויסגעריסן דעם שטעקן. אַ שמעקער איז ער טאַקע געווען, אָבער ניט אַזאַ רוצח ווי פּענדזיק דער קולעהײַ. יענער האָט אין שלאָגן קאָמוניסטן געזוכט אַ סגולה פאַר זײַן שוואַכקייט. סוסילאָ איז געווען שטאַרק ווי אַ פערד, הנאה געהאַט פון ייִדיש, פון טשאָלנט און פון פּענדזיקס ווײַב. האָט ער דערפאַר געראַטעוועט אַבקען.

מיט אַ געשפּאָלטענעם קאָפּ, אַ צעפּאַסעוועטער פּלייצע און דאָס פּנים געשוואָלן, האָט מען אַבקען געבראַכט צו פירן, ניט אויף סטעפּן-גאַס, נאָר אין דער לוקישקער תּפיסה, ווו ס׳זענען געזעסן פּאָליטישע פאַרברעכערס.



אין לוקישקער תּפיסה האָט אַן אַרעסטאַנט געהאַט לוקסוס: אַ שטרויזאַק מיט אַ לײַלעך. אַבקע איז געלעגן אויסגעצויגן ווי אַ גראַף. פריִער האָט מען אים פאַרבאַנדאַזשירט דעם קאָפּ און איבערגעש-מירט די ווונדן מיט יאָד. אין פּראָטאָקאָל איז געווען פאַרשריבן, אַז ער האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד בעתן אַרעסט. דער פעלדשער האָט פאַרגעלייגט מע זאָל אים אָפּלייגן אין שפּיטאָלענעם רעוויר, אָבער דער תּפיסה-דירעקטאָר האָט ניט דערלויבט: אַ קאָמוניסט איז בעסער ווען ער איז אין צעל. דאָרט רעדט ער צו די ווענט.

אַבקע איז מגולגל געוואָרן אין אַ צעל מיט נאָך צוויי פּאָלי-טישע, רולעק ראַפּעס און מענדל קוואַרטאַץ. ביידע האָט מען געכאַפּט מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור. זיי האָבן געוואַרט אויפן פּראָצעס. ביז ס׳איז בײַ אַבקען אַראָפּ דאָס געשווילעכץ פון פּנים און ס׳האָט זיך פאַרצויגן די ווונד אויפן קאָפּ, האָבן שוין ביידע געוווּסט, דורך אַן אַרײַנגעשמוגלט צעטעלע, אַז בײַ אַבקע גריזון האָט זיך אויפגע-וועקט אַ קלאַסן-באַוווּסטזײַן. ער האָט צוגעלייגט אַ האַנט צום

אַלגעמיינעם קאַמף, שטעלנדיק אין דינסט זײַנע באַזונדערע פעיִקייטן בײַם אויפהענגען בײַ נאַכט די פאָן פון ליכטיקן מאָרגן. אין טרייפן צעטעלע איז אויך געווען אַן אינסטרוקציע, צו באַגריסן אָפיציעל אַבקען מיטן אַרײַנטרעטן אין די סאַמע געדיכטע רייען פון רעוואָלו-ציאָנערן אַוואַנגאַרד.

אַבקע איז ניט געווען צוגעוווינט צו אַזאַ מין זיצן. אויף סטעפן-גאַס זענען געווען א מאן דרײַסיק אין אַ צעל: פּויערים, אַרעסטירטע פּאַר גנבענען האָלץ פון פּריצישן וואַלד, האָבן דערציילט מעשׂיות וועגן ווײַבערשע שדים, מאַכיקע באַשעפּענישן מיט דרײַ בריסט; שטאָטישע מאַרוויכערס האָבן געלערנט איינער בײַם אַנדערן נײַע פּאָרטלען ווי אַרויסצושלעפּן מיט צוויי פינגער אַ פּאַליאַרעס פון בוזעם-קעשענע און דער קרבן זאָל ניט שפּירן קיין קיצל; אַבקע האָט געהאַט וואָס צו זאָגן אין די ענינים. אָבער דאָ, אויף לוקישקעס, האָט ער ניט געהאַט וואָס צו זאָגן. פּאָליטיק איז ניט געווען זײַן בראַנזשע. רולעק מיט מענדלען האָבן אַ גאַנצן טאָג זיך געריסן פּאַר די נעזער איבער אַזעלכע זאַכן, ווו אַבקע האָט ניט געקאָנט אַרײַנרוקן אַ וואָרט. פון אין דער פרי, מיט אַ האַלב-שעהענדיקער הפסקה פון שפּאַציר איינער הינטער דעם אַנדערן אין טורמעהויף, זענען געפלויגן אין צעל אומבאַקאַנטע נעמען, לאָזונגען, שאַרפע זאָגעכצן, ווו דאָס וואָרט רעוואָלוציע האָט געברענט דעם גומען ווי פעפער. דאָס גאַנצע גערייד האָט ניט איבערגעלאָזט קיין פּלאַץ פּאַר אַ מינדסטן שמייכל. אַבקען איז געווען זייער סומנע.

סומנע איז אים טאַקע געווען, אָבער פון דעסטוועגן האָט ער צוגעלייגט אַן אויער צו זייערע רייד. ער האָט שטאַרק באַוווּנדערט זייערע קענטענישן. יונגע שנעקעס און ווייסן אַזוי פיל. ווי גרינג זיי האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט לאַנגע ווערטער!

ס'איז צו פאַרשטיין, אַז די אַרעסטאַנטן ווילן וואָס בעסער, נאָר די קאַפּיטאַליסטישע וועלט נעמט ניט אָן זייערע עצות. אַחוץ איין לאַנד, דעם ראַטן-פאַרבאַנד, וואָס איז אַ גן-עדן פּאַר אַלע באַרוועסע, האָבן זיי ניט אָנערקענט קיין אַנדער ווינקל אויף דער וועלט. אָט האָט דאָך אַנומלט גרישקע דער שיינער, וואָס „אַרבעט" אויף די

באַנען, דערציילט, אַז ער איז נאָכגעפאָרן אַ פּריץ מיט צוויי טשעמאָ-
דאַנען ביז שווייצאַריע. ביי די וואַליזעס האָט ער ניט מצליח געווען.
דער פּריץ האָט ניט געוואָלט איינדרעמלען. דערפאַר האָט אָבער
גרישקע געזען שווייצאַריע. שליימקע פּייסקעס רעסטאָראַן איז אַ
סטאָדאָלע קעגן יענע לאָקאַלן. קיין אָרעמע-לייט זעט מען דאָרט ניט,
כיבע זיי אויסשרייבן פון ווילנע. איז וואָס אַזוינס די גדולה מיטן
ראָטן-פאַרבאַנד? אָבער אַז יענע זאָגן... טאָמער האָט אַבקע געוואָלט
פרעגן וואָס איז דאָרטן מכוח גנבים, האָבן זיי אים פאַרשריִען.

אַבקע ליגט אין די נעבט אויף דעם שטרוימאַטראַץ און שלאָפט
ניט, ער האַלט אין איין טראַכטן. ביידע שכנים האָבן אים צעמישט
דעם שׂכל. אי רולעק אי מענדל זענען יינגלעך פון פּיינע, וויטישע
היימען. מע קאָן זאָגן — מיט ייִחוס. איז וואָס טרייבט זיי ביידן זיך
אָננעמען פאַר דער גאַנצער וועלט און הייניען אין תּפיסה? כיבע פון
שווילטאָג. מע זעט דאָך פון די פעקלעך וואָס זיי באַקומען, אַז אין
דער היים פעלט זיי גאָרניט. וווּרשט, חלה, עפּל, פלוימען. איז דאָך
גוט! ניין, ס'איז ניט גוט. זיי ווילן נאָר אַן איבערקערעניש.

וואָס מער אַבקע טראַכט וועגן דעם, אַלץ מער געפעלט אים
די מעשׂה. זאָטע יאָלדן, דאַרפן ניט עסן קיין ברויט פון ביליאַרד,
צי פון אַ שפּיל מיט צוגעשניטענע קאָרטן ווילן אַלעמען זאָל זיין
גוט, זיצן דערפאַר הינטער די קראַטעס און עס אַרט זיי ניט, אַבי
ברענגען, ווי זיי רופן עס, די ליכטיקע צוקונפט...



איז איינעם אַ טאָג האָט מען אַוועקגעפירט אַבקען אין דער
תּפיסה-קאַנצעלאַריע. אַדוואָקאַט טשערניכאָוו איז געקומען אים
זען. אַבקע האָט זיך געטראַכט, אַז מ'האָט אים אין גאַנצן פאַרגעסן,
ערשט פּלוצעם קומט אַזאַ אַדוואָקאַט, וואָס פאַרנעמט זיך מיט די
גרעסטע פּאָליטישע פּראָצעסן אין ווילנע, כּדי זיך מיט אַבקען צו
באַגעגענען. אין זיין לעבן האָט ער ניט געהאַט קיין פאַרטיידיקער.
געוויינטלעך איז ער געשטאַנען פאַרן פרידנס-געריכט מיט אַן אַראָפּ-
געלאָזטן קאָפּ, אויסגעהערט די ליטאַניע, די באַשולדיקונג און געגאַנ-

געוען צוזיצן די פּאָר חדשים לויטן פּסק-דין. די ריכטערס האָבן נאָך געבורטשעט, געסטראַשעט מיט יאָרן פּאַר שטיין אַזוי אָפּט פאַרן געריכט. ס׳האָט קיינער קיין מאָל ניט אַרײַנגעוואָרפן אַ גוט-וואָרט וועגן אים. און דאָ טשערניכאָוו אַליין. אַבקע איז געווען זייער איבערגענומען מיט זײַן מעמד.

אַדוואָקאַט טשערניכאָוו איז תּמיד געווען פאַרנומען. אַחוץ אין קרײַזגעריכט, מיט אַקטן, מיט אַפּעלאַציעס. איז ער געווען פאַרנומען מיט נאָך אַנדערע ענינים, וואָס ער האָט געהאַט פון זיי בלויז קאָפּ-דרייעניש, קלעמעניש און האַרצווייטיק. ער איז געווען פּרעזידענט פון אַ ליגע וואָס האָט געהייסן **פרײַלאַנד-ליגע**. האָט אָט די ליגע געזוכט אַ ווינקל פאַר ייִדן, מע זאָל זײַן אייגענע בעלי-בתּים און ס׳זאָל נעמען אַן עק צו די צרות. האָבן אים די ציוניסטן געוואָלט אויפעסן אַ לעבעדיקן. סטײַטש, האָבן זיי געטענהט, אַזאַ ייִד ווי טשערניכאָוו, מיט אַ טאַלאַנט, זאָל ניט וועלן פאַרשטיין אַז מע דאַרף ניט זוכן, ס׳איז שוין לאַנג פאַראַן אַזאַ פּלאַץ — ארץ-ישׂראל. נאָר טשערניכאָוו, אַחוץ דעם וואָס ער האָט געטענהט אַז די ענגלענדער לאָזן דאָרטן ניט אַרײַן און ביז זיי וועלן אַרײַנלאָזן וועט אַרויס די נשמה, האָט ער גאָר געחלומט וועגן אַ טעריטאָריע, וווּ אַלע זאָלן ריידן ייִדיש, אַפילו די ריכטערס פון העכסטן געריכט.

זיצט ער איצטער אין אַ צימער מיט קראַטעס, וווּ דער תּפיסה-דירעקטאָר האָט אים אַרײַנגעפירט, כּדי דער אַדוואָקאַט זאָל קאָנען זײַן אַ פּאָר מינוט ביחידות מיט זײַן קליענט און מ׳זאָל אויך האָבן אַן אויג אויף זיי. אַבקע האָט זיך ניט דערוועגט אָוועקצוזעצן. אַזאַ כּבוד.

טשערניכאָוו האָט געבעטן אַבקען זיך זעצן. ער האָט אַרויסגענומען פון זײַן אַקטנטאַש אַ פּאַפּיר און — תּיכּף צום ענין:

— איר זאָלט וויסן זײַן, אַז דער פּענדזיק האָט אָנגעגעבן אויף אײַך אין פּראָקוראַטור אַ גאַנצן ראָמאַן. אַחוץ דעם וויל מען אײַך מישפּטן צוזאַמען מיט אײַערע שכנים מענדל און רולעק, כּדי צו מאַכן אַ רושם. מע וועט אײַך באַשולדיקן אין אונטערגראָבן דעם

רעזשים און אין מאַכן פּרווון אַפּצורײַסן מערב ווײַסרוסלאַנד פון דער פּוילישער רעפּובליק.

אַבקע האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ:

— וואָס רעדט איר, פּאַניע טשערניכאָוו, ווער ווייס פון אַזעלכע זאַכן?

— מיך דאַרפט איר ניט איבערצײַגן, אַז איר ווייסט ניט. איך גלייב אײַך אויפן וואָרט. אָבער אין געריכט... כ'האָב געטראַכט אפשר זאָל איך אײַך מאַכן פאַר משוגע, לאָזט זיך ניט.

טשערניכאָוו האָט געזוכט צווישן די דאָקומענטן, אַרויסגעצויגן אַ זײַטל פּאַפּיר און געלייענט פון דאָרטן:

— דער באַשולדיקטער אַבע סראַגין, צונאָמען גריזון, איז נאָך מער געפערלעך פאַר דער געזעלשאַפט, צוליב זײַן פלינקן רעפלעקס און שפּורן פון אינטעליגענץ. דאָס האָט ער דעמאָנסטרירט בעתן אײַנריידן מיט זײַן שוואַכן פּויליש די פויערים אויפן קאַזימיר-יאַריד צו אַ מכלומרשט אומשולדיקער וועטשפּיל פון דרײַ קענדלעך מיט אַן אַרבעס. זיי האָבן באַדאַרפט טרעפן אונטער וועלכן קענדל עס געפינט זיך דער אַרבעס נאָך אַ פאַכמענישער זשאָנגלערײַ פאַר זייערע אויגן. די גראַדליניקע ערד-אַרבעטערס האָבן ניט געהאַט קיין שאַנסן צו געווינען. אויף אַזאַ אופן, האָט דער באַשולדיקטער אויס-גענאַרט צענדליקער זלאָטעס...

טשערניכאָוו האָט אויפגעהויבן אַ פּאָר צעשמייכלטע אויגן:

— נאָך אַזעלכע קונצן קאָן איך שוין ניט טענהן אַז איר זענט משוגע. דאַרף איך זוכן אַן אַנדער וועג אײַך צו באַפרײַען. מיין איך, אַז דער בעסטער וועג איז צו דערציילן אַלע אײַערע מעשים, ווען די ריכטערס זיך איבערצײַגן אַז איר זײַט ניט דער ריכטיקער אַדרעס אַפּצורײַסן ווײַסרוסלאַנד.

אַבקע האָט זיך אָנגעהויבן דרייען אויפן בענקל.

— פּאַניע טשערניכאָוו, איך בעט אײַך, דערציילט דאָס ניט אין געריכט... צוליב מענדלען און רולעקן. מיר וועלן דאָך דאַרפן דאָרטן זיצן אויף איין באַנק.

— כ'וועל ניט האָבן קיין ברירה...

— יענע ריידן מיט מיר ווי מיט אַ גלײַכן. כ׳האָב אַפילו אַ דאַנק רולעקן אויפגעהערט צו גריזשען די נעגל פון די פינגער, וואָס צוליב דעם האָב איך מײַן צונאָמען.

— פאַר וואָס דווקא אַ דאַנק רולעקן?

— ער האָט געזאָגט, אַז אַזאַ געוווינהייט שמעקט מיט דעקאַ-דענץ.

אַדוואָקאַט טשערניכאָוו האָט פאַרגעסן אַז ער האָט ניט קיין צײַט. שוין לאַנג האָט ער זיך אַזוי ניט געווײַלט. ער האָט געגלעט דאָס קמץ-בערדל און געשטיקט אין זיך דאָס געלעכטער.

— נו, האָט ער כאָטש אײַך דערקלערט וואָס דאָס איז אַזוינס דעקאַדענץ?

— דערקלערט האָט ער, נאָר פאַרשטאַנען האָב איך ווייניק. אָבער מסתּמא איז עס ניט קיין גרויסע מעלה, אויב רולעק קרימט זיך.

— גוט, אַבקע, איכ׳ל אַלץ טאָן איר זאָלט ניט פאַרשעמט ווערן. מיר וועלן נאָך ריידן.

— פאַניע טשערניכאָוו, כ׳בין איצט שטאַרק געבראָכן. מען האָט מיך פאַרקוועטשט האַרט פאַר אַ זיכערן פּאָקער. קיין רײַכע קרובים האָב איך ניט, קיין אָרעמע אויך ניט, אָבער כ׳וועל ניט בלײַבן שולדיק.

— אין אַזעלכע פּראָצעסן רעדט מען ניט וועגן געלט.

— נו, ס׳איז דאָך פּאָרט אײַער ברויט. וואָס זײַט איר מחויב?

דער אַדוואָקאַט האָט שוין געזען פאַר די אויגן די גאַנצע סצענע אין דער היים, ווען ער וועט דערציילן בעתן מיטאָג-עסן זײַן ווײַב און זײַן זון וועגן אָט דעם שמועס.

אַבקע, ווי ער וואָלט געלייענט זײַן פּאַרטיידיקערס מחשבות, האָט געוואָלט, אַנשטאָט האָנאָראַר, צושטעלן מאַטעריאַל פאַר דעם הילכיקן געלעכטער אין טשערניכאָווס עסצימער. ער האָט אַרויס-געשטאַמלט:

— אַרום און אַרום קומט איר מיר אַ שטיקל טובה.

טשערניכאָוו האָט געמאַכט אַן ערנסט פּנים:

— אַדרבא, לאָמיך הערן.

— איר געדענקט ווי מ'האָט בײַ אײַך פאַר צוויי יאָרן אַראָפּגע-נומען אַ בוידעם וועש ?

— אמת.

— און מ'איז געקומען צו אײַך פאַרלייגן אַלצדינג צוריקבערענגען פאַר דרײַ הונדערט זלאָטעס.

— ריכטיק, איך דערמאָן זיך.

— און אײַער ווײַב האָט זיך אײַנגעשפּאַרט, נאָר צוויי הונדערט.

— יאָ.

— האָב איך געהייסן דעם פאַסער דורכקומען. ווײַל דאָס בין איך געווען דער... ס'איז געווען מײַן סחורה.

טשערניכאָוו האָט באַשלאָסן מיטצושפּילן. זאָל דער אַרעסטאַנט האָבן אַ גוט געפיל. עס וואַרטן אויף אים ביטערע צײַטן. האָט ער זיך אויפגעהויבן פון שטול, צונויפגענומען די דאָקומענטן, פאַרמאַכט דעם אַקטנטאַש און פײַערלעך געמאָלדן :

— אַבקע, די טובה וועט אײַך בײַשטיין. איך וועל אַלץ טאָן מ'זאָל אײַך אָפּטשעפּען פון די שווערע פּאַראַגראַפן. אָבער אין גאַנצן ריין וועט איר ניט אַרויס.

— ווער רעדט וועגן ריין ? איך וויל נאָר אַ ווירקאָק אויף מײַן מאָס.

דער אַדוואָקאַט האָט שוין געוואָלט געבן אַ ווונק דעם וועכטער ער זאָל אויפמאַכן די פאַרקראַטעוועטע טיר, האָט אים אַבקע אָפּגע-האַלטן :

— פּאַניע טשערניכאָוו, איר האָט נאָך אַ רגע צײַט ? כ'וויל אײַך עפּעס פרעגן.

— נו, פרעגט.

— זאָגט מיר, ווער איז דער טראָצקי, וואָס מענדל און רולעק זענען אַזוי אין כּעס אויף אים, ווי ער וואָלט זיי געשפּיגן אין די ברויט ? ווען זיי קאָנען, צערײַסן זיי אים ווי אַ הערינג.

— טראָצקי ? לאָזט אָפּ, אַבקע, ס'איז ניט אויף איין פוס.

טשערניכאָוו האָט זיך פאַרטראַכט אַ רגע און דערנאָך זיך אָפּגערופן :

— אַז מע פרעגט שוין, האָב איך צו אײַך אויך אַ

שאלה. זאָגט מיר, צוליב וואָס האָט איר עס געטאָן? צוליב וואָס האָט איר אַרויפגעוואָרפן די פאַן איבער די דראָטן?

אַבקע האָט שווער אָפּגעאָטעמט, ווי אַראָפּגעשטעלט אַ משׂא פון די פּלייצעס:

— זײַן עקשנות האָט מיך גענומען. אַליין גוט צעקנייטשט, מיט אַ צורה אַ יאָר נאָך וועטשערע, איז ער ניט געגאַנגען ברעכן אַ שלאָס, זיך שטעלן אויף די פיס, גיין הוליען אַ ביסל, נאָר ריזיקירן מיט דער פרײַ פאַר אַ מעשה אויפן הימל אַ יאָריד. דערפאַר האָב איך אים געהאָלפן...



אַדוואָקאַט טשערניכאָוו האָט געמוזט אויפן פּראָצעס דערציילן אַ ביסל ברייטער וועגן אַבקעס פּרנסות, זײַן גאַנצן הינטערגרונט. אַנדערש וואָלט מען אין אָנגעטאָן אַ פּסק-דין ניט אויף זײַן מאָס. אמת, די שטראָף איז געווען לענגער, אין פאַרגלײַך מיט זײַנע פריערדיקע, אָבער מיט חסד: צוויי יאָר. מענדל און רולעק האָבן באַקומען צו פינף.

דער פּראָקוראָר איז ניט געווען פון פּענדזיק דעם קולעהײַס חדר. ניט ווינציקער געטרײַ צו דער מאַכט ווי דער רעפערענט פון צענטראַל-אַרעסט, אָבער מיט הומאָר. אַליין איז ער געווען אַ פאַר-ברענטער פּאָקער-שפּילער. האָט ער זיך ניט געקענט אָפּוווּנדערן, ווען טשערניכאָוו האָט אים דערציילט בעת דער הפסקה וועגן אַבקעס טאַלאַנט אין טאַשן קאָרטן...

אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָכן פּראָצעס, האָט דער תּפיסה-דירעק-טאָר זיי געמאָלדן, אַז מען פירט זיי אַריבער קיין טיף פּוילן, אין דער ראַוויטשער טורמע. דאָרטן וועלן זיי אָפּזיצן זייער שטראָף.

אַלע דרײַ זענען געשטאַנען אויף אַכטונג, ווערדליק דעם רעגולאַ-מין, אַנטקעגן דעם תּפיסה-דירעקטאָר און רויִק אויסגעהערט די גזירה. ער האָט זיי געפרעגט, ווי עס פירט זיך בײַ פּאָליטישע פאַרברעכערס, צי זיי האָבן ספּעציעלע בקשות. רולעק, וואָס האָט געקענט גוט פּויליש, האָט אויסגערופן:

— איך בעט מ׳זאָל מיך פירן קיין ראַוויטש געשמידט צוזאַמען מיט אַבע סראָגין.

מענדל האָט געשמייכלט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ס׳איז אים געפעלן דער זשעסט פון זײַן חבר.

און אַזוי איז טאַקע געווען: רולעק מיט אַבקען האָבן מאַרשירט פאָרויס געשמידט איינער צום צווייטן און הינטער זיי — מענדל, מיט קייטלעך אויף די הענט.

# ווילנע, ווילנע, אונדזער היימשטאָט

אויף דײַטשע גאַס איז יאָרן געשטאַנען אַ ייִד מיט בלויע ברילן אויף די אויגן, און זיך געבעטן:

— פירט מיך אַריבער אויף דער אַנדער זײַט!...

געבעטן האָט ער עס מיט אַזאַ האַרצרײַסנדיקן געבעט, ניט ווי ס׳וואָלט געווען אַ רייד וועגן אַריבערפירן אים דאָס שטיקל ברוק, וואָס האָט אָפּגעטיילט גיטקע טויבעס זאַווולעק פון ייִדישע גאַס, נאָר וועגן אַריבערשפּאַנען אַ טיפן, געפערלעכן אָפּגרונט. ער איז אפשר געווען דער ערשטער ייִד אין ווילנע, וואָס האָט פאָרגעפילט דעם חורבן. שוין בלויז דער נאָמען פון דער גאַס, די דײַטשע גאַס, האָט אים געטריבן פון איין זײַט צו דער אַנדערער. מיר אַלע האָבן געזען אויף דער אַנדער זײַט גאַס דעם וואַסער-פּלומפּעלע און יאַשעס קרעמל פון די קוואַס; אָבער יענער ייד האָט דורך זײַנע טונקעלע ברילן געזען ווײַטער. דער גורל האָט אים ניט אַריבער-געפירט אויף דער זיכערער זײַט. ער איז איבערגעבליבן מיט אַלע אינעם אָפּגרונט פון פּאַנאַר.

ווען איך דערמאָן זיך אין יענעם ייִדן, וואָס קאָן דינען ווי אַ סימבאָל פון אונדזער גורל, קומט מיר תּמיד אויפן זינען די פאַרשוווּנדענע, פּאַרטיליקטע שיינקייט. די שיינקייט פון ווילנע.

איך מוז זיך מודה זײַן אין נאָמען פון די איבערגעבליבענע, אין נאָמען פון דעם הײַפל ווילנער, וועמען ס׳איז געלונגען אַריבער-צוגיין אויף דער אַנדער זײַט, אַנטרינענ צו ווערן פון דער היימ-שטאָט, ווען זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן דורך די רוצחים אין איין בלוטיקע דײַטשע גאַס — אין נאָמען פון די אַלע, וועלכע זײַנען דורך געטאָס, דורך וועלדער, לאַגערן און פראָנטן אַרויס פון דעם פײַער — אין נאָמען פון די אַלע מוז איך מודה זײַן, אַז מיר זײַנען געווען אין ווילנע פאַרליבט. ביזן הײַנטיקן טאָג איז אָט די ליבע

פאַרשטאַכן אין אונדזערע הערצער ווי אַ פאַרבראַכענע פייל, ניט אַרויסצוציִען, כיבע מיט אַ שטיק לעבן.

ווילנע האָט אונדז געגעבן אַלע מעגלעכקייטן צו חלומען דער-הויבענע חלומות וועגן גליקלעך מאַכן די וועלט, וועגן אויסבעסערן דעם קיום, וועגן דערנענטערן אַלע מענטשן צו דער שיינקייט, וואָס האָט אונדז אַרומגערינגלט. ווילנע האָט פאַרמאָגט אַלע יוגנטלעכע פריידן, וואָס מען קאָן ניט קויפן פאַר געלט. אַזוי ווי מיר האָבן קיינער ניט פאַרמאָגט צו פיל, איז די ווילנער פרייד געווען פאַר אונדז נאָך זיסער.

דער ווילע-טייך האָט אונדז געבראַכט דעם גרוס פון ווייטע, ברייטע וואַסערן. אין זאַקרעטער וואַלד האָבן מיר געקילט אונדזער צעהיצטע פאַנטאַזיע. פון די שישקינער בערג האָבן מיר אַראָפּגע-בענקט נאָך ווייטע, אומבאַקאַנטע וועלטן.

ס'איז ניט קיין וואונדער, וואָס איבער ווילנע האָבן געשפּאַנט מענטשן, וועמען מען קאָן גאָר אַנדערשוווּ ניט זען. אָט, למשל, אַזאַ ייִדן ווי חײַקל לונסקי, דער ביבליאָטעקאַר אין דער סטראַשון-ביבליאָטעק. אין זײַן מילדן בליק האָט זיך געשפּיגלט די גאַנצע נאַיִווקייט פון הונדערטער קינדער, וועלכע זײַנען געקומען אין ביבליאָטעק טרינקען וויסן, ווי שפּעלעך צום קוואַל. אָדער גדאַלקע דער חזן. ער איז געשטאַנען יאָרן נעבן דער גרויסער שול אויפן שולהויף און געזונגען. געשטאַנען איז ער דאָרט, כדי ס'זאָלן צו אים דערגיין די אָפּקלאַנגען פון די תפילות, אויסגעציקלט דורך די גרעסטע חזנים פון אונדזער צײַט, ווי הערשמאַן, סיראָטע, קוסע-וויצקי. וווּ אין דער וועלט האָט מען געטראָפן אַזוינע לצים ווי אין ווילנע? די כויכעס, פון דײַטשע גאַס, וואָס זײַנען געווען מסוגל אײַנצורײידן אַ פּויער ער זאָל קויפן אַ פּראַק מיט געפּאַס-קעוועטע הויזן... זייערע ווערטלעך, זייערע וויצן, זייער מבטל מאַכן די גאַנצע, סאָלידע וועלט. די אַלע טיפּן און טשודאַקעס, וואָס בלויז אין ווילנע האָבן זיי געקאָנט פּאַראַדירן אין זייער גאַנצער אויס-טערלישקייט. ווײַל יעדער ווילנער פאַרמאָגט אין זיך עפּעס יוצא דופנדיקס און קאָן פאַרשטיין דעם אַנדערנס פאַנטאַזיעס. ווילנער

האָבן צוזאַמען מיט די פּעטע מאכלים אין אוסיאַנס רעסטאָראַן, צוזאַמען מיט טאַלייקינסקיס געפּעפּערטן וווּרשט, געקאָנט אויך פאַר־דייַען בלויע, דורכזיכטיקע חלומות.

אויף יאַטקעווער גאַס האָט קיווע דער שלאָסער געמייַסטרעוועט אַ שלאָס אין געשטאַלט פון אַ סאָלאָוויי, וואָס זאָל זינגען בייַם עפענען די טיר. די סטאָליאַרעס פון די פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון אויף טראָקער גאַס האָבן זיך געבראָכן די מוחות ווי צו מאַכן אַ קאַנאַפּע, וואָס זאָל אויך קאָנען דינען ווי אַ שרייַב־טיש.

סיאָמקע קאַגאַן האָט פאַרטראַכט איבערצוזעצן ציגייַנער־לידער אויף ייִדיש, איז ער אַוועק קיין טראָק, לעבן דאָרט אין ציגייַנער־טאַבאָר און לערנען דעם פרעמדן לשון. אַפילו גדאַלקע, דער משוגענער חזן, איז ניט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. ער פלעגט ווינטער פאַרפירן ניגונים דורך אַרייַנזינגען זיי אויפן שול־הויף אין אַ טשייַניק וואַסער, זיי זאָלן ניט פאַרגעסן ווערן ביז פרילינג.

דער אומרו אין אונדז האָט געטריבן צו וואַנדערן, זוכן די שפּורן פון אַ פּאַראַיאַריקן שניי אויף די זומערדיקע פלאַכן פון דער נאַראָטשער אָזערע.

וועגן וואָס האָט ווילנע ניט געטראַכט? אַפילו וועגן קויפן אַ שטיקל ערד, ערגעץ אין אַ ווינקל פון דער וועלט און שאַפן דאָרט אַ ייִדישע רעפּובליק, ווו פון גאַסן־קערער ביז צום פּרע־זידענט זאָלן אַלע ריידן ייִדיש...

אויף אַ בווידעם אין רבי לייזערס הויף, אויף ייִדישע גאַס, איז געזעסן אַ ייִד און געצייכנט באַנקנאָטן פאַר אַזאַ רעפּובליק. ער האָט ניט פאַרגעסן זיי צו באַפּוצן מיט אַ מגן־דוד אין דער מיט. דער פאַראיין פון די שטאַרקע, „די גאָלדענע פאָן", האָט אין זייַן סטאַטוט גערעדט וועגן טרייַשאַפט און חברשאַפט. מען זאָל זיך האַלטן אַרטיק און ניט פאַרגעסן, אַז „וואָס מיר זייַנען, זייַנען מיר, אָבער ייִדן זייַנען מיר". ס'איז געווען אַ באַפעל אויסצוטיילן נדנס פאַר אָרעמע כּלות פון דער אַלגעמיינער קאַסע. אויף שריפט־זעצערס יובילײ־פאַרשטעלונג האָט דער פאַראיין אויסגעקויפט אַלע בילעטן, כדי דער באַליבטער אַקטיאָר זאָל אַרויס מיט רווח.

ס'איז שווער צו זאָגן פון וואַנעט האָט זיך גענומען אָט די טרוימערישקייט. אָט דאָס ציִען זיך צו עפּעס שענערס, צו עפּעס בעסערס. אונדזערע מיטלען זײַנען געווען זייער באַשיידענע. זעלטן ווער פון אונדז האָט געזען אין שטוב עשירות. און דאָך האָבן איבער ווילנע געשפּאַנט יִידן האַרעפּאַשניקעס, אַרבעטער-יוגנט מיט אָפענע פּנימער, ניט קיין דערשלאָגענע, פול מיט לעבן, בשלמות מיט זיך אַליין.

אמת, מען דאַרף ניט אידעאַליזירן. מען דאַרף ניט פאַרוואַנדלען אין אַ טוגנט אַלע ווילנער גוט צוגעשניטענע מחשבות. אַלע פאַררונדיקטע גלייכווערטלעך. צוזאַמען מיטן ליכט איז אויך געווען אַ סך שאָטן. עס זײַנען געווען אָרעמע, האָפענונגסלאָזע טעג. די אויסזיכטלאָזיקייט האָט געטריבן הונדערטער איבער דער גרענעץ, צו אַ גרויס פאַרשנייט לאַנד, מיט דער האָפענונג אויף אַ בעסער לעבן. לאָמיר דערמאָנען די לויטערע נשמות, די פאַרגלייבטע מיט עבטער, ווילנערישער אמונה אין די דערהויבענע לאָזונגען. לאָמיר דערמאָנען די, וועלכע זײַנען אַריבער די גרענעץ מיט אָפענע הערצער, מיט תמימותדיקן צוטרוי, און דאָרט אומגעבראַכט גע־וואָרן אין די תפיסות און לאַגערן. זיי זײַנען געווען די פאַרגייער פון פאַנאַר. זיי, די גלויביקע אין אַ גערעכטער וועלט אונטער דער רויטער פאָן, זיי זײַנען אומגעקומען די ערשטע.

מיר האָבן געלעבט אין ווילנע אַ פולבלוטיק, יִידיש לעבן. אין דער פרעמדער סביבה, אין דער דריקונג פון אַלע זײַטן, אין דער אָרעמקייט זײַנען מיר געווען שעפעריש און געשפּרודלט מיט אויפטוען פאַר אונדזער קולטור, פאַר אונדזער יִידישן המשך. ווײַל ווילנע האָט באַווירקט אירע באַוווינער. די ווילנער שמאָלע געס־לעך האָבן פאַרמאָגט אין זיך אַ כּישוף אָנצורעגן צו ברייטע פאַר־מעסטונגען. אָט שפּאַנסטו איבער אַ געוועלבטן זאַוווּלעק. עס דוכט זיך דיר, אַז ס'איז גאָר נישטאָ דורך אים קיין אַרויסגאַנג. די אַלטע מויערן דריקן אויף דיר, ווילן זיך פאַראייניקן ממש איבער דײַן קאָפּ. מיט אַ מאָל, ווען דו ווילסט זיך שוין אומקערן צוריק, גיט זיך אַ שפּרייט אויס פאַר דײַנע פיס אַ שטיק גאָרטן,

אַ צערווישטער טײַכל, אַ פֿריילעכס אַזאַ, די ווילענקע. האָסט שוין חשק אויסצוטאָן די שיך, פֿאַרקאַטשען די קאַלאָשעס פֿון די הויזן ביז די קנעכלער און זיך שטעלן בײַם ברעג מיט אַ ווענדקע אין האַנט.

מיר זײַנען געווען צעשפּרייט אין ווילנע פֿון ראָגאַטקע ביז ראָגאַטקע. פֿון ליפּוּוקע, רוזעלע, נאָווגאָראָד, ביז אַרויף שניפּעשיק. אונדז, די שטאָטישע, האָט געצויגן נאָר צו שניפּעשיק. דאָס אַרי־בערגיין די ווּיליע דורכן גרינעם בריק האָט תּמיד פֿאַרמאָגט אין זיך דעם רייץ פֿון אַן אַרײַנקום אין אַן אַנדער וועלט. אויף שניפּע־שיק האָבן געוווינט אַ סך אינטערעסאַנטע טיפּן. ס׳איז געווען מיט וועמען צו טיילן אַ מחשבה. ס׳איז אויך געווען מיט וועמען צו טיילן אַ קוש, אַן ערשטע אַרומאַרמונג נעבן אַ פֿאַרמאַכטן, הילצערנעם טויער אין זומערדיקע לבנה־נעכט.

עס גיט אַמאָל אַ ווייע מיט ווילנע אין דער פֿרעמד. מען עפֿנט אַ פֿענצטער און אַ קאַשטאַן־בוים, ווי אַרויס פֿון טעליאַטניק, רוקט אַרײַן זײַן צעשויבערטן צווײַגן־קאָפּ. ער דערמאָנט דיר די קינדער־יאָרן ,ווען מען האָט פֿון זײַנע גלאַנציקע פּרות געקאָכט טינט. מיר ניצן ניט אָט דעם קינדערשן טינט אויף שרײַבן הײַטערע בריוו. מיר ניצן אים מער אויף לעשן דעם ברענענדיקן טרויער נאָך אונדזער היימשטאָט. איצט, ווען מיר זײַנען שוין אַזוי ווײַט פֿון ווילנע, אַזוי ווײַט, אַז ס׳איז שוין באַלד ניט פֿאַראַן קיין פּלאַץ פֿאַר בענקשאַפֿט — איצט זעען מיר אַלץ און אַלעם נאָך שאַרפֿער, און בײַם באַריר פֿון אַ זכּרון־סטרונע, שפּילן זיי פֿאַר אונדז ווי לעבעדיקע, ווי זיי וואָלטן גאָרניט געוואָרן אַוועקגעפֿירט פֿון אונדז אויף אייביק.

מיר זײַנען אַרומגעגאַנגען איבער ווילנע מיט בענקשאַפֿט צו דער ווײַט, צו מרחקים אָן אַדרעסן. פֿאַר אונדז איז געווען גענוג זיך צו פֿאַרטשעפּען אין אַ פֿעדער־וואָלקן און שווימען מיט אים איבער דעם בלויען הימל. מיר האָבן ניט געוווּסט, אַז ס׳וועט קומען אַ טאָג ווען מיר וועלן צעשלײַדערט ווערן איבער גאָר דער וועלט, איינצלנע פֿון משפּחות, פֿאַריתומטע, דערשלאָגענע און פֿון גאַנץ ווילנע וועט אונדז איבערבלײַבן אַ בלאַסע דערמאָנונג. ווען

מיר זײַנען געשוווּמען אין די וואַסערן פון דער ווילִיע, ווען אונדזערע חלומות האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין יעדן בוים פון וואָלאָקומפּיע. ווען מיר זײַנען דאָרט געלעגן אויפן ווײַכן מאָך און געפּרוּווט פּאַנ-גען אַ ברעקל זון אין אונדזערע פאַרזשמורעטע אויגן, האָבן מיר ניט געוווּסט ,אַז דאָס אַלץ וועט אַ מאָל דינען ניט אונדזערע פרייד, נאָר אונדזער טרויער.

מיר האָבן געשניצט וואַנדער-שטעקנס און געקאַרבט אין דער פרישער קאָרע סודותדיקע, יוגנטלעבע סימבאָלן. מיט צעבראָכ-טעטע העמדער האָבן מיר זיך פאַרמאָסטן צו שפּאַנען אין דער וועלט. ווי האָבן מיר געקאָנט וויסן, אַז אין דער ערד פון אונדזער יוגנט וועט אַריינגעריזלט ווערן דאָס בלוט פון אונדזערע נאָענטסטע.

וואָס איז איבערגעבליבן פון ווילנער זכרונות ? זיי בינדן אונדז. מיר זײַנען נאָך אַלץ פאַרסמט מיט דעם דופטיקן סם פון די ווילנער וועלדער, מיט דער פרישקייט פונעם שניי אויף די קרייצבערג, מיט דעם שטילן געזאַנג פון דער ווילִיע. עס בינדט אונדז אַלע איין בענקשאַפט, איין טרויער.

איז לאָמיר אַלע צוזאַמען, די לעצטע ווילנער, ווידער אַריבער-וואַרפן אַ גרינע בריק איבער אַלץ דאָס אַוועקגעגאַנגענע, אונדזערע קינדער זאָלן קאָנען אַ מאָל דאָרט שטעלן כאָטש איין טראָט און וויסן וועגן אונדזער אַמאָליקן לעבן, וועגן אונדזערע פריידן. וועגן אונדזערע ליידן ווייסן זיי גענוג.

זאָלן זיי אויך פילן דעם טעם פונעם קרעניצע-וואַסער אין פּאָספּיעשק, זאָלן זיי אויך קאָנען קילן זייערע געמיטער אינעם אומ-באַקאַנטן שאָטן פון די בוימער אין בערנאַרדינער גאָרטן.

און זאָלן זיי ממשיך זײַן זינגען אין יאָרן אַרום דאָס ליד פון זייערע טאַטע-מאַמע :

...ווילנע, ווילנע, אונדזער היימשטאָט...

# אינהאַלט

## פון זעלבן מחבר:

**דער וועג קיין סדום**

— ישראל־דערציילונגען    פאַרלאַג י. ל. פּרץ, 1959

**ביים ווילנער דורכהויף**

— דערציילונגען וועגן ירושלים דליטא

פאַרלאַג י. ל. פּרץ, 1967

**אַ טאָג פון מלחמה**

— ישראל־דערציילונגען    פאַרלאַג י. ל. פּרץ, 1973

**ברוניסלב הוברמן — קוים לדמותו**

— ביאָגראַפיע פון גרינדער פון ישראלדיקן

פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער

פאַרלאַג הספריה המרכזית למוסיקה בישראל — 1973

אין דרוק:

**גראַף פּאָטאָצקי — דער גר־צדק פון ווילנע**

זיין וועג צום יידנטום

**צופוס קיין ארץ־ישראל**

— ישראל־דערציילונגען